פרייז 5 סענט.

Vol. I. No. 3. The Jewish Ladies Home Journal June, 1913.

# די פרויען וועלט

א מאנאטשריפט געווידמעט די אינטערעסען פון דער אידישער פרוי און דער אידישער היים.
רעדאקטירט פון א. גרייזעל



זי קוויקט איהר אמור (דעם מלאך פון ליעבע) מיט קאלטע, ריינע קוואל־וואסער.

סובסקריפשאן פרייז: 50 ס. יעהרליך, 25 ס. האלב יעהרליך.

THE HEBREW EDUCATIONAL PUBLISHING COMPANY, 65-67 SUFFOLK STREET, NEW YORK, N. Y.

# פרויען היט אייערע מענער

מיינט ניט חלילה אז מיר געהען אייך דא דערצעהלען דאס מיסטער שיינמאן וואס האט א ווייב מיט זעקס קינדער איז אנטלאפען מיט זיין בארדערקע, אדער אז מיסטער שפיעלפויגעל, א טאטע פון פיער דערוואקסענע טעכטער האט פערגעמבעלט דעם לעצטען סענט פון זיינע וויידזשעס אין פאוקער, אדער כדומה. נאך אזעלכע זאכען וואס זאלען זיך אזוי ניט טרעפען זוי עס טרעפט זיך. ניין מיר זיינען דאס ניט אויסען אייך צו דערצעהלען, דען פרויען דארפען צו דעם קיין עצות ניט האבען, זיי וויסען אליין זעהר גוט וויא צו היטען זייערע מענער פון אזעלכע זאכען, זיי היטען איהם נאך צופיעל, ווען זיי זאלטען איהם געהיט אביסעל ווייניגער אין די אנגעלעגענהייטען, וואלט פיילייכט ניט געקומען צו אזוי פיעל פאמיליען סקאנדאלען, וואס מען לעזט זיך אן אין די צייטונגען יעדען טאג, איהר ווייבער זיינט גוטע שומרים, איהר היט דעם מאן ביי טאג און ביי נאכט, מען דארף ניט האבען קיין בעסערען וואטשמאן און קיין בעסערען דעטעקטיוו ווי אן אייגענע ווייב.

נאך אלעמען, זיינען אלע אייערע שמירות ווערט א פערפייפטע ציבעלע, דיא ריכטיגע שמירה וואס איהר דארפט צו האבען איבער אייער מאן האט איהר אין גאנצען פערגעסען, אדער איהר ווייסט אפילו גאר ניט אז עס איז פערהאנדען אזא שמירה, וואס ניט נאר ריהרט דאס אן אייער מאן, נאר אויך אייך אליין, און אייערע קינדער, אויב איהר האט עטליכע.

די הייפט שמירה וואס איהר מוזט האבען איבער אייער מאן איז דאס געזונד, היט איהם אב זיין געזונד, אין דאס געזונד פון אייער מאן היינגט דאס געזונד פון אייך, אונד אייערע קינדער, אין אייער מאן'ס געזונד היינגט דאס עקזיסטענץ פון אייער צוקונפט, אין דער צוקונפט פון אייערע פאמיליע, דאס געזונד פון אייער מאן איז דער קוואל פון אייער הייזליכע אויפהאלטונג, און די ערציהונג פון אייערע קינדער.

שטעלט זיך נאר פאר, דאס אייער מאן וואס איז א סייקסמאן אדער אזוי איין אנגעשטעלטער בייא יענעם אין געשעפט, ווערט חלילה מיט איינמאל קראנק, לייגט זיך אין בעט אריין און ליגט אב עטליכע וואכען, דער דאקטאר געהט און מאכט וויזיטען, יעדער וויזיט קאסט צוויי דאלאר, דיא מעדיצינען קאסטען אויך היבשע עטליכע דאלאר, און דא ליגט דער קאפ פון הויז, דער איינציגער פערדינער אין בעט, און קיין וויידזשעס אדער אנדערע פערדינסטען קומען ניט אריין.

וועלל, מיר האפען דאס אייער מאן האט עטליכע הונדערט דאללאר אין באנק, וואס ער האט אבגעספייווט פאר א שלעכטע צייט; מיר וועלען אפילו צו געבען, דאס איהר האט שוין עטליכע דערוואקסענע קינדער, וואס פערדיענען און געבען אייך אוועק דאס געלד, מיר וועלען זאגאר בעהויפטען, דאס אייער מאן בעקומט זיינע וויידזשעס פון זיין באס, אויך פאר דער צייט וואס ער איז קראנק (וואס אזעלכע פעלע זיינען זעהר זעלטען), און נאך מעהר פון אלעמען וועלען מיר אננעהמען אייער מאן'ס גליקליכע פערגאנגענהייט, דאס ער איז שוין אין דיא מיטעלע יאהרען און איז נאך קיינמאהל ניט קראנק געוועזען.

אויב דאס איז אייער טרייסט פאר דער צוקונפט, אויב דאס איז דער פעסטער פונדאמענט אויף וועלכען איהר בויעט אייער ריעזיגע פאמיליען געביידע וואס זאל קיינמאהל ניט איינפאלען, אויב דאס איז אלעס וואס צוליעב דעם פערשפארט איהר צו היטען אייער מאן'ס געזונד, איז דאס ליידער זעהר א טרויעריגע האפענונג.

אויב איהר האט נאר א מענשליכע הארץ און אן עהרליכעם פרויען געפיהל, וועט איהר מיטפיהלען דעם שמערץ מיט וועלכען א פרוי געהט ארויס נעמען געלד פון באנק, פאר אזעלכע צוועקען, אויב איהר האט א מוטער הארץ וועט איהר מיט טרעהרען אין די אויגען פערנוצען דאס שווער פערדיענטע געלד פאר אייערע קינדער מיט דעם צו בעצאהלען אייער מאן'ס דאקטאר און מעדיצין, און אויב איהר קענט דעם קאפיטאליסטישען כאראקטער, פערשטעהט איהר זעהר גוט מיט וואס פאר א גינסטיגקייט דער באס צאהלט אייער מאן'ס וויידזשעס.

יעס, אייער מאן איז יעצט געזונד, און איז נאך אין זיין לעבען ניט קראנק געוועזען, קענט איהר אבער גאראנטירען דערפאר, אז מארגען וועט ער אויך זיין געזונד; זייט איהר גאנץ זיכער דאס ווען אייער מאן געהט אוועק פון הויז אין דער פריה אז ער וועט אויך אהיים קומען דער זעלבער אין אבענד.

אין דעם יאהר 1912 האט געטראפען אין ניו יארק 146,714 פערשיעדענע אונגליקען, מעהר וויא העלפט דערפון טוידעספעלע, און נור ווייסט וויפיעל פרויען פון דיא אונגליקליכע מענער האבען געהאט דיא זעלבע מיינונג, און האבען היינט צו בעדויערען אויף זייער גרויזאמען טעות.

אמת מיר לעבען אלע אין טעות, דען ווען מיר זאלען ניט לעבען אין טעות, וואלטען מיר קיינמאהל קיין פעהלער געמאכט.

נאר איין איינציגען מיטטעל ווי אזוי זיך צו פערהיטען אז מיר זאלען קיין טעות ניט מאכען, האט דער פרעזידענט פון דער קאזואלטי קאמפאני ערפינדען. ער האט דאס לעבען גוט־דורכשטודירט, און איז געקומען צו די איבערצייגונג, אז יעדער מענש קען זיך פערהיטען פון די אלע אונגליקען וואס מיר האבען דא בעפאר אויסגערעכענט.

די קאזואלטי קאמפאני האט דינען א פארמעגען פון אנדערהאלבען מיליאן דאלאר, און איז צופריעדען צו פערזיכערען יעדען איינעם פון איין אונגליק, ניט נאר אין אונגליק פון לעבען, אבער אויך פאר יעדע קראנקהייט וואס קען נאר פאסירען, דיא קאמפאני עקזיסטירט שוין 18 יאהר, און האט בעצאהלט צו קראנקע מענשען אין פערלויף פון דיעזער צייט $8,500,000, און איהר רעפוטאציע איז דיא בעסטע אין דער וועלט.

די בראנקס בראנטש צאהלט אויס שווערע טויזענדער דאלאר צו קראנקע יעדען מאנאט, און וואס מעהר די קאמפ. צאהלט אויס אלס רייכער ווערט זי, דען זי בעקומט יעדען טאג הונדערטער מעמבערס, און איהר קאפיטאל ווערט אימער גרעסער.

מיר גאראנטירען יעדען איינציגען צו איבערציינען אין דיא ריכטיגקייט פון דער קאמפאני, און אלע איינצעלהייטען, ווען איהר וועט אונז צושיקען אייער נאמען און אדרעססע.

**United States Casualty Company**

**CHARLES FRIEND, M'G'R.**

**1315 BOSTON ROAD, BRONX, N. Y.**

# די פרויען־וועלט

**א פרויען זשורנאל**

געווידמעט דער אידישער היים און פאמיליע

New York, June, 1913. | Vol. I., No. 3. | ניו יארק, יוני, 1913.


## אינהאלט:


1) וועגען שלום בית. 2) די קעמפעלאך (אן איבערגעניצעוועטע בבא מעשה), א. ג. 3) חלומות (געדיכט), ע. ל. פליישמאן. 4) פרויען אין אמעריקא (סטאטיסטישע אפהאנדלונג). 5) ווי אויסצוזעהן יונג און שעהן: הער מויל און די ציינער, ווי צו האבען דיקע האר. 6) סטיילס און פעשיאנס. 7) הויז ווירטשאפט (עצות און אנצייכנונגען). 8) ערווארטעטע מפלות (בילד), ס. טשעסטער. 9) נייעס און עדיטאריעלע נאטיצען. 10) דער גר (געדיכט) אסתר. 11) ווי צו פערהיטען זיך פון קראנקהייטען. 12) די אביסעניש קעניגין (איהר שטורעמדיגע קאריערע). 13) די פאסט (בריעף און אנטווארטען). 14) קאכען און באקען (פערשיעדענע עסענס). 15) פאר באלעבאסטעס (פאסטעריזיישאן פון מילך און קרים, אילוסטרירט). 16) ציבעקע. 17) מיט וואס מען פייערט דעם יובילעאום פון חתונה. 18) אונזערע לעזערינס ווינקעל, דארא פריעד. 19) פרויען טהעטיגקייט (הארלעם, נוארק, פילאדעלפיא). 20) פראכטפאלע קונסט בילד אויפ'ן קאווער.


## וועגען שלום־בית

אין דער לעצטער צייט בעמערקען מיר מיט שוידער ווי אזוי די פונדאמענטען פון פריעדליכען פאמיליען לעבען, פון שלום־בית, ווערען ביסלעכווייז אונטערגעגראבען. צו אפט דערהערען מיר עפענטליכע סקאנדאלען, וועלכע ווייזען אונז אז די אמאליגע פריעדליכע, טראדיציאנעלע, כמעט הייליגע בעציהונגען פון מאן און פרוי ווערען וואס ווייטער אלץ זעלטענער. ניט ווילענדיג קומט ארויף אויפ'ן געדאנק די פראגע: ווי אזוי דארף איינגעשטעלט ווערען די געגענזייטיגע בעציהונג פון מאן און פרוי, כדי אמבעסטען און אם גליקליכסטען איינצוריכטען דאס פאמיליען פריעדען.

די אמאליגע יסודות פון שלום־בית קענען איצט ניט אנגענומען ווערען. עס איז ניט דא דער פלאץ ארומצוריידען אויב די אמאליגע יסודות זיינען געווען גוט אדער שלעכט. איין זאך איז זיכער: יעצט קען ניט הערשען דער פרינציפ פון „והוא ימשל בה"! עס קען שוין מעהר ניט אוועקגעלייגט ווערען דער איינציגער פונדאמענט אז דער מאן, זייענדיג דער ברויט־געבער, דארף דעריבער האבען די גרעסערע דעה, ווייל עס קען שוין איבערהויפט ניט מעהר שארף אבגעגרענעצט ווערען די פונקציאנען פון מאן און פרוי. דער מאן איז שוין אין פיעלע פאמיליען ניט דער אבסאלוטער ברויט געבער. און אפילו אין יענע פאמיליען וואו ער איז עס יא, קען עס אבער ניט דיענען אלס ארגומענט פאר זיין גרעסערע דעה, ווייל דאס איז איינפאך ניט אין אנקלאנג מיט די מאדערנע געפיהלען פון גלייכהייט און דעמאקראטיע. און אזוי ווי דער שלום־בית איז הויפטזעכליך א רעזולטאט פון דער געמיינזאמער הסכמה אין די אייגענע פונקציאנען, האט דעריבער געמוזט, צוזאמען מיט די גרעניצען פון די פונקציאנען, אויך אונטערגעגראבען ווערען, ביז א געוויסען גראד, דער שלום בית.

מען מוז אויך געדענקען אז די הפקרות וואס האט זיך די לעצטע צייט פערשפרייט, א דאנק א שלעכט פערשטאנענעם בעגריף פון פרייהייט, צווישען א גרויסען טייל פון אונזער בעפעלקערונג, האט אויך ניט ווענינ געהאלפען אונטערצוגראבען דעם יסוד פון שלום בית. דער געפיהל פון איפערזוכט האט זיך א דאנק דעם פערשטארקט און ער צועסט דעם שלום־בית אפילו דארטען וואו עס איז ניטא די מינדעסטע אונטרייהייט. דער צווייפעל, די אונזיכערקייט אין דער געגענזייטיגער טרייהייט הערשט אין א גרויסע צאהל פון אונזערע פאמיליען. דאס אלץ העלפט מיט אז איינער פון די הייליגסטע יסודות פון אונזער צוזאמענלעבען ווערט וואקליג און עס רייסען זיך אין איהם אריין געפעהרליכע עלעמענטען וועלכע קענען איהם שפעטער אין גאנצען אויפרייסען, אויב עס וועט ניט גלייך יעצט געזוכט ווערען וועגען און מיטלען איהם אפצוהיטען, ניט שטעלענדיג זיך דערביי געגען די בעגריפע פון דער יעצטיגער צייט.

עס איז דעריבער צייטיג געווארען אויפצושטעלען איניגע הויפט כללים וועגען דיעזער פראגע; כללים, וועלכע פרעטענדירען ניט צו זיין קיין תורת משה, וועלכע קומען אבער פון א גרינדליכ־ בערען נאכטראכטען און נאכפארשען וועגען דיעזער פראגע.

דער ערשטער און וויכטיגסטער כלל אין מאדערנעם שלום־בית מוז זיין דער פרינציפ פון גלייכע רעכטע. קיין צד טאר זיך ניט פיהלען בערעכטיגט צו טאן דאס, וואס ער וואלט ניט געוואלט אז דער צווייטער צד זאל עס טאן. אהן אונטערשיעד ווער עס איז דער ברויט־געבער אין פאמיליען פערזארגער, מוז דער פרינציפ פון גלייכהייט דורכדרינגען ביידען סיי דער פרוי און סיי דעם מאן. דיעזער פרינציפ מוז אבער בעגלייט זיין פון א געגענזייטיגען פערטרויען. די רעכטע וואס יעדער צד האט מיינט עס ניט אז דער צווייטער צד ג י ט איהם דאס רעכט און איז דאדורך דער אויבערהאר וואס ער קען ג ע ב ע ן און נ י ט ג ע ב ע ן דאס רעכט. דארטען וואו עס איז דא א צד וואס ג י ט רעכט און א צווייטער צד וועמען מען ד א ר ף ג ע ב ע ן רעכט, קען בשום אופן ניט עקזיסטירען קיין אמת'ער שלום־בית. דער פרינציפ פון גלייכע רעכטע מוז דעריבער זיין אבהענגיג אן דעם געוויסען פון יעדען צד בעזונדער. סיי דער מאן סיי די פרוי דארפען פ י ה ל ע ן אז זיי זיינען ביידע גלייכבערעכטיגט; סיי דער מאן סיי די פרוי דארפען דעריבער האבען דעם צוטרויען איינער צום צווייטען אז קיינער פון זיי וועט ניט מיסברויכען דאס רעכט וואס ער פערמאגט, נאר אז ער וועט אויסנוצען דאס רעכט לטובת דער גאנצער פאמיליע, וואס דאס מיינט שוין אויך פאר דער פערשטארקונג פון שלום־בית. דאס פיהרט אונז שוין אין דערזעלבער צייט אריין אין דעם צווייטען כלל פון שלום בית. מיר מיינען די „פרייהייט פון האנדלונגען". דער געגענזייטיגער פערטרויען מוז זיין אזוי גרויס אז יעדער צד זאל קענען האבען די פאלקאמענע פרייהייט פון האנדלונגען.

# פרויען אין יונייטעד סטייטס

## די צאהל פון מענער און פרויען אין פערשיעדענע שטעדט פון די פעראייניגטע שטאאטען.

די פראפארציאנעלע צאהל פון מענער און פרויען אין די פעראייניגטע שטאאטען אין אלגעמיין איז אונבעשטימט. איין צענזים שטעלט פעסט אז פרויען זיינען דא מעהר ווי מענער; קומט דער צווייטער צענזוס אין 10 יאהר ארום און שטעלט פעסט פונקט דעם היפך. מיר דארפען דעריבער נעהמען דעם לעצטען צענזוס און זעהען ווער שטייגט איצט איבער אין צאהל — די מענער אדער די פרויען.

לויט די לעצטע סטאטיסטיקס זיינען נאר פאראן 6 שטאאטען אין וועלכע פרויען זיינען דא מעהר ווי מענער. אין דיעזע שטאאטען איז שוין אויך אריינגערעכענט דער דיסטריקט און קאלאמביא. בלויז צוויי פון די 6 — מאסאטשוזעטס און רהאוד איילענד — געהערען צו די ניו־ענגלאנד סטייטס; די איבעריגע דריי זיינען אלע פון דער סאוטה — מערילענד, נארטה־קאראליינא, און סאוטה קאראליינא.

די אורזאכע ווארום די פראפארציאנעלע צאהל פון פרויען און מענער ווערט געענדערט, ווערט צוגעשריבען צו דער אימיגראציאן. די פעקטארים פון פיעלע ניו־ענגלאנד שטעדט וועלכע זיינען פריהער אין גאנצען געפיהרט געווארען פון אמעריקאנער־געבארענע פרויען, בעשעפטיגען איצטער א גאנץ בעדייטענדען פראצענט פון פרעמד־געבארענע מענער־ארבייטער וועלכע זיינען פיזיש געזינטער און קענען מעהר פערטראגען, דעריבער זיינען זיי בעכער צוגעפאסט צו די מאדערנע אינדוסטריען און קענען דערפאר זיעגען אין דער ארבייטער־קאנקורענץ.

נעהמענדיג דעם לעצטען צענזוס פון 1910 אלס א סטענדארד, האבען מיר אין אמעריקא 10 גרויסע אמעריקאנישע שטעדט, וועלכע האבען מעהר פרויען בעפעלקערונג ווי מענער. דיעזע 10 שטעדט זיינען — ניו יארק, פילאדעלפיא, באסטאן, באלטימאר, נוארק, סינסינאטי, ראטשעסטער, אינדיאנאפאליס, אלבאני און אטלאנטא. עס איז אינטערעסאנט צו בעמערקען אז דיעזע שטעדט געפינען זיך אין די איסטערן (מזרח) שטאאטען. די בעפעלקערונג פון ניו יארק איז 2,382,482 מענער און 2,384,401 פרויען. פרויען זיינען אלזא דא בלויז ביינאהע צוויי טויזענד מעהר ווי מענער. דאס איז אבער בלויז אין ניו יארק. פילאדעלפיא האט ביינאהע 30,000 פרויען מעהר ווי מענער. דער פרעמדער עלעמענט אין שיקאגא איז אפילו אויך זעהר גרויס; אבער ווייל דאס איז אן אינלענד שטאדט, א שטאדט וואס איז ווייטער שוין צו דער וועסט, איז דארטען דעריבער ניטא אזא גרויסער פראצענט פרויען.

די צאהל פון געבורטען איבערען לאנד ווייזט א קליינע מאיאריטעט פון זכרים אין ביז דעם עלטער פון 15 יאהר האלט אין אן דיזעלבע פראפארציע. צווישען 15 און 19 יאהר גלייכט זיך כמעט אויס די צאהל פוןביידע געשלעכטען. פון 19 יאהר אן ביז 65 יאהר האבען מיר מענער עטוואס מעהר ווי פרויען אבער צווישען 65 און 69 ווערט עס ווידער גלייך און האלט אזוי אן פאר די איבעריגע יאהרען. די פראפארציאנעלע צוטיילונג געהט אזוי: ביי די היגע געבארענע ווייסע און ביי די נעגערס איז די צאהל פון מענער און פרויען כמעט גלייך. ביי די פרעמד־געבארענע ווייסע איז שוין דער פראצענט פון מענער גרעסער ווי דער פראצענט פון פרויען.

אבוואהל דער סך הכל פון קינדער וועלכע בעזוכען די אמעריקאנער סקוהלס גיט אונז כמעט 100 טויזענד מעהר אינגלעך ווי מיידלעך, איז פונדעסטוועגען די צאהל פון מיידלעך, וועלכע בעזוכען סקוהלס נאכדעם ווי זיי זיינען שוין איבער 14 יאהר אלט, ביינאהע 65 טויזענד מעהר ווי אינגלעך. מיט אנדערע ווערטער מיינט עס אז מיר האבען כמעט 65 טויזענד מעהר מיידלעך וועלכע בעזוכען הייסקוהלס ווי אינגלעך. געבילדעטע פרויען־נעגערס זיינען אין א פיעל גרעסערע צאהל ווי געבילדעטע מענער־נעגערס.

א ספעציעלער צענזוס פון רעליגיעזע אינסטיטוציאנען, וועלכער איז דורכגעפיהרט געווארען אביסעל פריהער ווי דער אלגעמיינער צענזוס, ווייזט אז פרויען בעזוכען די דאזיגע אינסטיטוציאנען פיעל מעהר ווי מענער. דער סך הכל פון רעדזשיסטרירטע מיטגליעדער פון די פערשיעדענע קירכען איז 29,616,97, פון וועלכע 16,849,505 זיינען פרויען און 12,767,406 זיינען מענער.

אבוואהל 6 שטאאטען קענען אויפווייזען א גרעסערע צאהל פרויען ווי מענער, האבען מיר אבער אין דער אלגעמיינער צאהל פון דער בעפעלקערונג פון די פעראייניגטע שטאאטען מיט 3,3000,000 מעהר מענער ווי פרויען. אין אנדערע לענדער איז עס ניט אזוי. לויט אן ערקלערונג פון איינעם פון די בעדייטענדסטע פראנצייזישע סטאטיסטיקער איז אין דער גאנצער וועלט מעהר ניטא ווי 5,400,000 מעהר מענער ווי פרויען. די אייראפעאישע לענדער און איניגע אפריקאנישע געגענדען האבען פיעל מעהר פרויען ווי מענער.

## א וויכטיגע ערפינדונג פאר די הויז־פרויען.

א נייער פעטענט איז יעצט אויסגעפונען געווארען און ווערט שוין מאנופעקטשורט, וועלכעס וועט זיין פון גרויסער וויכטיגקייט פאר די קיטשען.

די ערפינדונג איז א נייע קאמבינייזשאן ברענער אדער וואסער היטער, וועלכער וועט זיך אנטהאן אויף יעדען געזבמאוו, און ווען מען קאכט אויף די געז דעם דינער אדער סאפער, וועט זיך צו דער זעלבער צייט אויך ווארעמען וואסער.

די נוצען פון דיעזע ערפינדונג איז א פיעלפאכיגע. ווען מען וויל מאכען זומער א באד, דארף מען עקסטרא ווארעמען וואסער, און אפילו מיט די נייע "גז ברענערס, קאסט אויך איניגע סענט צו ווארעמען עקסטרע וואסער. און מיט דיעזען נייעם „וואסער היטער" ווען מען קאנעקטעט צו איהם די וואסער פייפס, ווארעמט זיך די וואסער אין דער זעלבער צייט ווען מען קאכט אויפ'ן גאז; אויך איז דער פעטענט אזוי אייסגעארבייט, דאס דער פלאם פון פייער ווערט ניט צושפרייט אין אלע זייטען, ער ווערט קאנצענטרירט נור אין „וואסער־היטער", און עס ווערט פיעל גאז געשפארט, און עס איז אימער דא הייסע וואסער אין באילער.

## גענומען אויף זיכער.

קאסטימער (אין רעסטאראנט, צום וייטער): כ'וויל א „טשיז־סענוויטש"; האט איהר טערקישע קעז?

וועיטער: יעס סער.

קאסטימער: איז עס ריינע, ווייס?

וועיטער: שור, ווייס ווי מילך.

קאסטימער: הארט אין מיטען?

וועיטער: הארט ווי א שטיין!

קאסטימער: טהענקס! טערקישע קעז איז גאר — גרין און ווייך...



# ווי אויסצוזעהען יונג און שעהן



יעדער פרוי וויל אויסזעהן שעהן און האבען א גוטע קאמפלעקשאן, און יעדער פרוי קען עס אויך האבען ווען זי וועט נאר וועלען אפגעבען זיך דערמיט א ביסעל און שענקען מעהר אדער ווייניגער אויפמערקזאמקייט צו איהר הויט און איהר אויסזעהן. געזונדהייט און ריינליכקייט זיינען די הויפט פונקטען און יעדע פערנינפטיגע פרוי דארף אפהיטען איהר קערפער ער זאל זיין געזונד און ריין. רעגולארע געוואהנהייטען זיינען דער פונדאמענט פון געזונד און מען דארף דארום זעהן צו לעבען רעגעלמעסיג: עסען אין צייט, שלאפען אין צייט, ארבייטען אין צייט און רוהען אין צייט.

עסענווארג שפיעלט א גרויסע ראלע אין קאמפלעקשאן און כאטש ניט אלע קענען עסען איינס און דאס זעלבע זאך, זיינען אבער פאראן זאכען וואס אלע דארפען זיך דערצו געוואהנען, ווייל עס האט זעהר א גוטע ווירקונג אויף דעם אויסזעהן. וואיער מילך איז זעהר געזונד צו טרינקען, עס מאכט ווייס די הויט און ניט צו לעבענסקוואפט. רויהע ציבעלע זיינען זעהר גוט פאר'ן קאמפלעקשאן, דאסזעלבע איז אויך מיט עפעל (איבערהויפט געבאקטע).

א גלאז קאלטע וואסער מיט א לעפעלע לעמאן דזשוס און א האלבע לעפעלע זאלץ גוט אויסגעמישט, איז זעהר גוט צו נעמען יעדען פריהמארגען בעפאר ברעקפעסט. עס וועט פאר אייך אויפטאן וואונדער. וואסער זאלט איהר טרינקען פיעל איהר ווילט נאר. שרעקט זיך ניט וואס מען זאגט אז צופיעל וואסער איז אומגעזונד אין עסען. עס איז בעוויזען געווארען פערקעהרט אז עס איז געזונד. זאלץ איז אויך זעהר וויכטיג פאר'ן קערפער אין אלגעמיין און פאר דער הויט בעזאנדערס. שפארט ניט קיין זאלץ אין אייער וואנע, רייבט איין די הויט דערמיט, און זעהט צו האבען גענוג זאלץ אין אייער שפייז.

זעהט אויסמיידען דעם אפטען געברויך פון קאלד קרים, און געברויכט פאר אייער לייב און געזיכט ניט קיין צו הייסע און ניט קיין צו קאלטע וואסער. דאס בעסטע איז צוצוגעוועהנען זיך צו דעם געברויך פון לעבליכע וואסער.

---

האלט דעם מויל און די ציינער ריין. — צוקייט אייער עסען גוט און לאנגזאם, דאס העלפט די גאמס (דיעסנעס) און די ציינער צו זיין ריין און געזונד. רייבט די ציינער גוט אויס מיט א בערשטעל בעפאר איהר געהט שלאפען. רייבענדיג זיי מיט דער בערשטעל זאלט איהר זעהן צו ריינינגען זיי אזוי, אז דאס בערשטעל זאל געהן פון די גאמס צו די שפיצען ציינער, פון אויבען אראפ און פון אונטען ארויף, ניט רייבען אין דער לענג און אין דער וועלט אריין. ריינינגט אויך די ציינער פון אינוועניג מויל, ניט בענוגענדיג זיך בלויז מיט דער אויסערדיגער זייט. ריינע ציינער זיינען אויך שעהנע ציינער און דער אטהעם איז פיעל אנגענעהמער.

---

ווי צו האבען דיקע האר.

זייף און גיקינסטעלטע שאמפוס רואינירען דן האר פון פיעלע שעהנע קעפ. א טהע לעפעלע גוטע „סטאללאקס" צולאזען אין א קאפ הייסע וואסער, האט א נאטירליכען גוטען איינפלוס אויף די האר און עס איז דער בעסטער שאמפו אין דער וועלט. נאך דעם בלייבט די האר לויכטענד, ווייך און גרייזעלדיג, דער שארבען ווערט גענצליך געריינינט און מאכט די האר צו וואקסען שנעלער און גדיכטער. די גאנצע זאך איז וואס סטאללאקס קאסט א ביסעל צו טהייער, מען דארף אבער נעהמען אין אנבעטראכט אז עס איז גענוג אויף 20 שאמפוס אדער מעהר און אם ענדע טראגט עס אויס זעהר ביליג. ריינע „באראניום" מאכט אויף די האר וואקסען זעהר געדיכט. עס איז גאנץ אונשעדליך און עס גיט צו א נייעם קוואל פון לעבען צו די ווארצלען פון די האר.

א גוטער און געזונדער שאמפו איז אייך א טהע לעפעלע „קאנטהראקס" גוט אויסגעמיישט אין א קאפ הייסע וואסער, דאס מאכט די האר ווייך און גלאנציג און פערהיט פון אויסקריכען. אביסעלע „קווינזאין" פון אייער דראג סטאר איז א גוטער טאניק צו מאכען די האר געדיכטער פאר די יעניגע וואס האבען שיטערע האר.

איין מאל פאר אלע מאל זאלט איהר וויסען אז עס איז ניטא קיין שעדליכערע זאך צו אייערע האר ווי זייף. זייף טרייקענט די ווארצלען פון די האר און וואס מעהר איהר וועט עס אויסמיידען אלץ שעהנער וועט זיין אייער קאפ.

---

# סטיילס און פעשיאָנס

## 2 פיעס סקירט

מיט א הויכען אדער נאטירליכען ווייסט ליין.
די „2 פיעס סקירט“ איז יעצט דער נייסטינער מאדעל אין דיזען סיזאן. קאן געשניטען ווערען ביז די וויסט ליין, מיט אדער אהן א בעלט.
דיזע סקירט קען געטראגען ווערען אין אלע פעלע.



7877 Two-Piece Skirt
22 to 32 waist.

פעטערן נומער 7877.

דיזער פעטערן איז געשניטען אין סייזעס פון 22 ביז 32 אינטשעס וויסט מעזשור.
פאר א מיטעל סייז פאדערט וואארע אויף די סקירט 3¼ יארד — 27 אינטש ברייט. די ברייט פון אונטען איז 1 יארד מיט 28 אינטשעס.

אום צו קריגען דיזען פעטערן, שיקט אריין אין אפיס פון „פרויען וועלט“ 10 סענט און גיט אן דעם נומער פון פעטערן און וואס פיר א סייז איהר ווילט.

## סעמי־פרינצעס דרעסס

מיט א ניעדריגען אדער הויכען האלז, מיט קורצע אדער לאנגע סליווס.
דיזער מאדעל איז זעהר פליין, שעהן און פעשאנייבל.



7863 Semi-Princesse Gown,
34 to 40 bust.

פעטערן נומער 7863.

דיזער פעטערן איז געשניטען אין סייזעס פון 34 ביז 40 באסט מעזשור.
פאר א מיטעל סייז פאדערט וואארע פיר די דרעסס 6¾ יארד — 27 אינטש ברייט, 2¾ יארד לעיס — 9 אינטש ברייט, פאר די בערטע; 1 יארד — 4 אינטש ברייט, פאר די סליוו ראפעלס; ½ יארד פלייטעד שיפאן פאר די פאנעל און ⅝ יארד, 18 אינטש ברייט פאר די יאוק.

אום צו קריגען דיזען פעטערן, שיקט אריין אין אפיס פון „פרויען וועלט“ 10 סענט און גיט אן דעם נומער פון פעטערן און וואס פיר א סייז איהר ווילט.

## סעמי־פרינצעס דרעסס

די סעמי פרינצעס דרעסס אדער די 1 פיעס סקירט זעהט אויס סמארט און שעהן און איז איינער צופרידענשטעלענד. די סליווס ¾ אדער לאנגע.



7873 Semi-Princesse Dress,
34 to 44 bust.

פעטערן נומער 7873

דיזער פעטערן נומער 7873 איז געשניטען אין סייזעס פון 34 ביז 44 באסט.
פאר א מיטעל סייז, פאדערט וואארע פאר די דרעסס 7¾ יארד — 27 אינטש ברייט; ⅝ יארד — 27 אינטש ברייט פאר'ן קאלער, די זעלבע פאר די קאפס. און ⅝ יארד — 18 אינטש ברייט פאר די שעמיזעל. די ברייט פון סקירט אונטען 1¾ יארד.

אום צו קריגען דיזען פעטערן, שיקט אריין אין אפיס פון „פרויען וועלט“ 10 סענט און גיט אן דעם נומער פון פעטערן און וואס פיר א סייז איהר ווילט.

---

קיין בעסערע מתנה פאר אייער פרוי (אויסער דיימאנדס געוועהנליך) איז ניטא ווי א יאהר נאנג פון דיזען זשורנאל. סורפרייזט איהר מיט א סובסקריפשאן!

---

לעזט אויף זייטע 16 די גלענצענדע געלעגענהייט וואס די פאבליק באנק גיעט די אידישע באיעס און מיידלאך.

## דרעסס פאר מיידלעך.

פון 10 ביז 14 יאהר.

מיט א 3 פיעס סקוירט. לאנגע אדער האלבע סליוום.

דאס איז די בעסטע דרעסס אין היינטיגען סיזאן, שעהן, פליין און לייכט צו-מאכען און גוט צום וואשען.



7860 Girl's Dress, 10 to 14 years.

פעטערן נומער 7860.

דיזער פעטערן 7860 איז געשניטען אין סייזעס פון 10 ביז 14 יאהר.

פיר א 12 יאהר סייז, פארערט וואארע 6 יארד — 27 אינטש ברייט, מיט ¾ יארד — 27 אינטש, פאר דעם קאלער און קאפס.

אום צו קריגען דיזען פעטערן, שיקט אריין אין אפיס פון „פרויען וועלט" 10 סענט און גיט אן דעם נומער פון פעטערן און וואס פיר א סייז איהר ווילט.

## באלקאן דרעסס.

פאר מיידלאך פון 6 ביז 12 יאהר.

דאס איז די שעהנסטע און בעקוועמליכסטע דרעסקע פיר'ן זוממער.



7867 Girl's Balkan Dress, 6 to 12 years.

פעטערן נומער 7867.

דיזער פעטערן 7867 איז געשניטען אין סייזעס פון 6 ביז 12 יאהר.

פאר אן 8 יאהריגע מיידעל, 2½ יארד וואארע — 27אינטש ברייט מיט 1 יארד — 27 אינטש פאר די טרימינג.

אום צו קריגען דיזען פעטערן, שיקט אריין אין אפיס פון „פרויען וועלט" 10 סענט און גיט אן דעם נומער פון פעטערן און וואס פיר א סייז איהר ווילט.

## סעמי־פרינצעס דרעסס

פאר קליינע פרויען אדער מיידלאך פון 14, 16 און 18 יאהר.

אין דיעזען סיזאן ווערט אלעס געטראגען לאנגע וויסטען. די 3 פיעס סקוירט קען געמאכט ווערען גלייך, אדער אויסגעשניטען אין די פראנט ערזשעס.



7884 Semi-Princesse Dress for Misses and Small Women, 14, 16 and 18 years.

פעטערן נומער 7884.

דיעזער פעטערן 7884 איז געשניטען אין סייזעס פאר מיידלאך פון 14, 16 און 18 יאהר.

פאר א 16 יאהר סייז: פאר די בלאוז, וואארע 3½ יארד — 27 אינטש ברייט; ½ יארד — 27 אינטש ברייט, פארן קאלער, און ½ יארד — 18 אינטש ברייט פאר די שעמיזעט.

די סקוירט 3½ יארד — 27 אינטש ברייט.

די ברייט פון סקוירט אונטען — 1¾ יארד.

אום צו קריגען דיזען פעטערן, שיקט אריין אין אפיס פון „פרויען וועלט" 10 סענט און גיט אן דעם נומער פון פעטערן און וואס פיר א סייז איהר ווילט.

THE JEWISH LADIES HOME JOURNAL

No. ............

Name........................................

Address........................................

Size........................................

פרויען, ווערדט זעלבסטשטענדיג, ווייסט וואס עס קומט פאר אין דער פרויען וועלט, שטעהט ניט אפגעזונדערט פון דער אלוועלטליכער טעטיגקייט, נעהמט א הייסען אינטערעס אין דעם מענשליכען פראגרעס. לעזט אייער זשורנאל און זעהט ער זאל געלעזען ווערען פון אלע אייערע פריינד און בעקאנטע !

מיט אלע אנגעלעגענהייטען וואס בעטרעפען סובסקריפשאן און פרעמיומס זיך צו ווענדען שריפטליך צו אונזער סירקולייטשאן דעפארטמענט:

THE JEWISH LADIES HOME JOURNAL
65-67 Suffolk Street, New York

# הויזווירטשאפט

ווען איהר גיט צו א טהעלעפעלע רייני אמאניא אויף יעדער עמער וואסער אין וועלכע איהר ווייקט איין אייערע וועש איבער נאכט, וועט עס אייך זעהר פיעל פערלייכטערען דאס וואשען.

---

ווען איהר נעהמט אראפ דעם שטויב פון אייערע סקרין טירען, זאלט איהר זיי אפוואשען מיט קעראסין. די טירען וועלען אויסקוקען ווי נייע און מאסקיטאס וועלען א צייט ווייכען פון זיי.

---

קויפט פון בעקער, אויפ'ן טוין, די פופציג פונטיגע מעהל־זעק, וואשט זיי אויס, זוימט זיי ארום און איהר וועט האבען פיעלע גוטע און ביליגע טהי־האנדטיכער (שטירקעס).

---

ווען א קינד כאפט פעפער אין די אויגען, וואשט זיי גוט אויס מיט מילך.

---

פאר דינע זומער קליידער איז רייז וואסער פיעל בעסער פון מעהל קראכמעל.

---

שימעל זאלט איהר זעהן אראפנעהמען אזוי שנעל ווי איהר קענט נאר. וואס לענגער איהר וועט עס לאזען שטעהן, אלץ שווערער וועט אייך נאכהער אנקומען אפצוטרייניגען זיך דערפון.

---

א רפואה צו א ברען איז רויע ליינסיד אויל אין אייער, העלפט אויף העלפט, איינגעשלאגען צוזאמען און צוגעלעגט צום ברען.

---

א גוטער פלאן צו פערפומירען נאזטיכלעך איז פאלגענדער: נעהמט א פערטיל אונס „אררים רוט" אויף דריי פאינט וואסער און קאכט די טיכלעך אין די אררים וואסער פאר פופצעהן מינוט.

---

וועש זאלט איהר העננען טריקענען מיט'ן לינקען זייט פון אויבען, דער שמוץ וועט דאן פאלען אויפ'ן לינקען זייט, ניט אויפ'ן רעכטען, און עס וועט ניט אזוי אפקריכען פון זונן.

---

זעהט אויסצוקאכען אייערע קאפע טאפ כאטש איין מאהל א וואך מיט סארא וואסער.

---

ווען איהר ווילט פערהיטען א גלאז אדער א קאפי זאל ניט פלאצען ווען איהר גיסט אריין הייסע אין זיי, זאלט איהר [illegible]גען אין דער גלאז אדער אין דער קאפי א זילבערנע לעפעלע און גיעסען די הייסע אויף דער לעפעלע.

---

זעהט אויסצומיידען אנצורייבען מעטשעס אן וואנד אדער אנדערע טיילען פון הויז. קויפט א בויגען סענד פאפיער, צושניידט עס אויף פיערקאנטיגע שטיקלעך און מיט איניגע מעטאל פינס פערפעסטיגט עס אין יעדען צימער ניט ווייט פון אייער גאז.

---

פלעקען פון אייער פייער־פרוף דישעס קענען לייכט ארונגעריבען ווערען מיט א שטיקעל געוואנד, ווען איהר קאכט גוט אוים די דישעס מיט וואסער און באראקס.

---

ווייסלעך פון אייער דארפען זיין גוט קאלט און ניט צו פריש אום מען זאל זיי קענען שטייף אויפשלאגען. קרים וועט זיך ניט אויפשלאגען גוט, סיידען עס איז אלט 36 שטונדען און עס איז גוט קאלט.

---

א טיש וועלכער איז פערפלעקט געווארען דורכדעם וואס מען האט אויף איהם געשטעלט הייסע דישעס, קען צוריק ווערען ניי ווען מען וועט איהם אפוואשען מיט ספיריטס פון „ניטער" און נאכהער פאלישען מיט אליוו אויל.

---

אויב איהר ווילט געבריטען געקאכטע סטארטש ניט ווארטענדיג ביז עס וועט אפקיהלען — לעגט אריין א שטיקעל אייז און ווארט צו איניגע סעקונדען.

---

— צו וואשען זיידענע גלאווס און האלטען זיי ריין ווייס, געברויכט קאלטע וואסער און ווייכען זייף און שווענקט זיי אויס אין עטוואס געבלויטע וואסער. די שפיץ פינגער קענען געקלינגט ווערען מיט א נעגיל־בערשטיל, פוצענדיג עס ווען די גלאוו איז אנגעטאן אויפ'ן האנד.

---

נאכין אפט טרעפט אז נייע קיד גלאווס ווערען געשפאלטען גלייך ווי מען טהוט זיי אן. מען קען עס פערמיידען ווען מען לעגט זיי אוועק צווישען די פאלדען פון א פייכטען האנדטוך און מען לאזט זיי דארט ליגען אונגעפעהר א שטונדע צייט איידער מען געהט זיי אנטאן. די פייכטקייט מאכט די גלאווס זאלען זיך בעסער אויסציהען, און זיי וועלען זיך לאזען אננעהמען דעם געווינשטען שייפ אהן צו שפאלטען זיך.

---

ווייסע אדער שווארצע סאטין סליפערס קענען גערייניגט ווערען ווען מען רייבט זיי מיט גזאלין אדער בענזין ביז זיי ווערען ריין. מען דארף עס אבער טאן אין א העלען טאג און אויפ'ן פרייען לופט. מען דארף לאזען די שיך אויפ'ן פרייען לופט צו טריקענען.

---

א' ריינקאוט קען גערייניגט ווערען פון פלעקען ווען מען וועט רייבען דעם פלאץ פון די פלעקען מיט שטיקער רויהע פאטייטא (בולבע. אזוי שנעל ווי דאס שטיקעל פאטייטא ווערט שמוציג דארף מען עס אוועקווארפען און נעהמען א ריינע שטיקעל פאטייטא אויף רייבען ביז דער פלעק געהט ארויס.

---

די ליעבע, פונקט ווי דאס פייער, מוז מען אלע מאל אונטערבלאזען, און ווי באלד זי הערט אויף צו פירכטען אדער צו האפען, שטארבט זי אב.

# ערוואַרטעטע מפּלות

ס. טשעסטער.

(סקיצע)

ווען מר. גרינבערג איז זונטאג נאָך דינער אוועק אין שאפּ, אזוי ווי יעדען טאָג, האָט ער דערזעהען ווי „חברה״ — דער גאנצער סטאק אפּרייטארס און די פּרעסערס — שטעהען אין האָלל און ווייטצען זיך מיט די פּינישערינס. גרינבערג'ן קימערען ווייניג זייערע גראָבע דזשאָוקס און ער וויל ארויף אין שאפּ. ערשט ער דערוויסט זיך אז פאר דער צייט וואָס ער איז אוועק צו דינער איז אין שאפּ געווען א פייער און מען קען ניט ארבייטען.

„אז מען קען ניט דארף מען ניט״, טראכט מר. גרינבערג און איהם פערדריסט וואָס ער האָט עס פריהער ניט געוואוסט וואָלט ער מיט געפאָהרען מיט זיין יונגע ווייבעל אין די בראָנקס, צו איהר טאנטע, ערשטענס וואָלט איהר, דער ווייבעל הייסט עס, געוועזן פרעהליכער און אגב טאקע וואָלט ער אויך אביסעל הנאה געהאט פון די פרישע לופט האָרט.

צו פאָהרען איצט האָט ער קיין חשק ניט. ס'וועט אויסקומען קאָמיש ער זאָל נאָכפאָהרען די ווייב און אליין. פארגלוסט זיך איהם סתם ניט.

„מען דארף גאָר ארײנכאפּען א מאַטינע״ בעשליסט ער ביי זיך.

אזוי געהענדיג פערטראכט שטייסט זיך גרינבערג אָן, אין א בעקאנטע מיידעל מיט וועלכע ער האָט א צייט געארבייט.

„העלאָו מיס גאָלדשטיין״.

„העלאָו מר. גרינבערג״.

„ווי געהט׳ס מיס גאָלדשטיין ?״

„אָט קיין ארבייט ניטאָ, געהט מען א ביסעל אין „טריאטער״ אריין״.

„האָט איהר שוין א טיקעט ?״

„ניין, איך געה עס קויפען״.

„כ׳לעבען, גאָט האָט אייך אונטערגעשיקט״ לאכט גרינבערג, „איך געה אייך אין טהעאטער און אליין איז עפּעס איימעדיגלאך.״

ביידע געהען אריין אין טהעאטער. גרינבערג קויפט אין פאָרהויז א פאָר אָראנדזשעס, א בעג פינאַטס און איז מכבד זיין בעקאנטע. ביידע קייען געשמאק און ווען דער פאָרהאנג הויבט זיך אויף און אין טהעאטער ווערט פינסטער ערלייבט זיך גרינבערג אביסעל שטארק צו דריקען די מיידעל׳ס האנד. ווען ער דארף ארויסנעהמען עטליכע פינאַטס פון׳ם בעג וואָס ליגט ביי איהר אין שויס פערבלאָנדזשעט זיין האנד אָן א זייט און ס׳געדויערט ביז ער געפינט דעם בעג. זי פּאַטשט איהם אָב די האנד און ביידע לאכען אין דער שטיל.

דער פאָרהאנג פאַלט אראָנטער, גרינבערג ענטשולדיגט זיך און געהט ארויס פערסמוקען א סיגארעטעל. ניט ווילענדיג פאַלט זיין בליק אויף א זייטיגען סיט און עס ווערט איהם פינסטער אין די אויגען „איז זי גאָר ביי דער טאנטע ניט געפאָהרען ?״ פרעגט ער זיך און אויפ'ן הארצען ווערט איהם קאלאָמוטנע.

„א גוטער פריינד מסתמא צוגעדיענט״ טראכט ער „איהר געזאָגט אז איך בין אין טהעאטער מיט א מיידעל. נו, נו, מעהר וועט מיר שוין ניט פעהלען״.

ער האָט מורא נאָך א מאָהל א קוק צו טאָהן אויף יענעם אָרט. שנעל לויפט ער אוועק א היים און ווארט ביז זי „זיין״ ביידי, וועט קומען איהם „אָבגעבען דעם לייענים״.

ווען ער וואָלט אָבער יאָ א קוק געטאָהן...

— אין א ווײלע ארום לויפט מיסעס גרינבערג אריין אין הויז, מיט אן אראָבגעלאָזענעם קאָפּ.

„האָט ער מיך אויך געזעהען ?״ קלערט זי ביי זיך און איהר הארץ ציטערט פאר שרעק. זי פערשטעהט וואָס עס ערוואַרטעט איהר אויב גרינבערג האָט איהר געזעהן מיט א י ה ם...

וואָס דען קען דאָס זיין ? פּלוצלונג, מיר ניט, דיר ניט וועט ער אוועקוואַרפען דעם שאפּ און געהן אין טהעאטער ? ער האָט איהר נאָכגעשפּירט. זי איז פערלאָרען.

ביידע האָבען מורא אויפצוהייבען די אויגען און א קוק טאָהן איינער אויפ'ן אנדערען. ביידע דיינקען אז זייערע פערברעכענס זיינען אויסגעקריצט אויף זייערע פנים'ער.

גרינבערג וואַרפט א פער'גנב'עטען בליק אויף זיין ווייב און עס גיט איהם א קלאַפּ אין הארצען.

„געוויס האָט זי מיר געזעהן״ טראכט ער „מען דערקענט עס אויף איהר געזיכט״.

„גרינבערג !״ האָט די פרוי ענדליך איבערגעריסען די שטילקייט מיט א ווייכע שטימע און אזוי ווי זי וואָלט איהם ערשט בעמערקט „גרינבערג, ביסט גאָר נאָך דינער אין שאפּ ניט געגאנגען ?״

מיט אונגעדולד ערוואַרט זי זיין אנטוואָרט און זי טרייסט זיך נאָך מיט די שטיקעל האָפנונג פיליייכט האָט ער איהר ניט געזעהן.

„געוועזן א פייער אין שאפּ״ ענטפערט ער מיט א ציטערענדיגען טאָן „מען קען ניט ארבייטען. געדיינקט צו פאָהרען צו דיר אין די בראָנקס. קענטיג אז דו ביסט גאָר ניט געפאָהרען״.

„דאָס בין איך שוין צוריקגעקומען״. שטאַמעלט זי ארויס און ביידע לאָזען אראָפּ די קעפּ און ווארטען אויף מפּלות...

---

## וויכטיג פיר שוואנגערע פרויען

### די צוקינפטיגע מוטער דארף וויסען ווי זיך צו פערהאַלטען.

מען דארף בעטראכטען וואָס עס איז גוט פאר דאָס קינד נאָך לאנג בעפאָר עס ווערט געבאָרען. א פרוי, וואָס ערוואַרט צו האָבען א קינד, זאָל עסען איינפאכע און געזונטע שפּייזען, אָבער מיט א מאָס. אלערליי גרינסען, פרוכט, פלייש, פערשיעדענע גריצען, גוטע מילך, ברויט מיט פּוטער — אָט דאָס זיינען אלין גוטע זאכען פאר איהר צו עסען; פלייש נאָר איין מאָל א טאָג. געדענקט, אז די פערדייאונג צו דער צייט איז ניט אזוי גוט, ווייל די וואקסענדע קינד דריקט עטוואָס אויפ'ן מאָגען און געדערים פון דער מוטער; האָט די מוטער דאָס געפיהל, אז דער מאָגען ווערט איהר צו פול נאָכ'ן עסען, זאָל זי בעסער פרעגען דעם דאָקטאָר, וועלכע שפּייזען עס זיינען פאר איהר בעסער. זאָל זי זיך ניט פערלאָזען אויף דער שכנה'ס עצות. איבריגענס זאָל יעדע פרוי אויפפּאַסען וועלכע שפּייזען בעקומען איהר ניט, אום זיי צו פערמיידען. מען זאָל ניט צופיעל נאָכגעבען דעם פערלאנג נאָך אונגעוועהנליכע און אונגעזונטע זאכען (פּאָסטאַוועקעס); מיט א ביסעל שכל און ווילען קען מען זיך דערפון צוריקהאַלטען. די פרוי זאָל זעהן צו האָבען יעדען טאָג שטוהלגאנג.

זי זאָל ניט צופיעל עסען.

עס איז ניט געזונד פאר איהר צו טרינקען ביער, שנאַפּס, וויין. עס איז אויסגעפונען געוואָרען, אז קינדער, וואָס ווערען געבאָרען פון פרויען וועלכע טרינקען, זיינען שוואכער און ווערען לייכטער קראנק, און קיין מוטער, וואָס וויים דאָס, וועט דאָך געוויס ניט וועלען צושאַרען דעם קינד אן אונגליק.

**The Jewish Ladies Home Journal**

Published monthly by the

HEBREW EDUCATIONAL PUB. CO.

A. Grayzel Editor

M. Mansky M'g'r

65-67 Suffolk Street New York, N. Y.

Telephone 3172 Orchard

Subscription Price:

One year......50 c. 6 months......25 c.

Entered as Second Class matter April 7, 1913 at the Post Office at New York, N. Y. under the act of March 3, 1879.



# פון דער פרויען וועלט

די סאפראדזשעטקעס אין ענגלאנד און אין סקאטשלאנד האבען דיעזען מאנאט געהאט נאך פיעל מעהר אויבצושטעהן ווי בעפאר, און דערפאר האבען זיי אויך פון זייער זייט אנגעפיהרט דעם קאמפף נאך מיט מעהר ביטערקייט און פערצווייפלונג. עס איז גיטא דער טאג וואס מען געפינט ניט אויס א נייעם פלאן פון צושטערונג און פערניכטונג וואס די מיליטאנט סאפראדזשעטס האבען אויבגעארבייט און יעדער מאל ארעטירט מען אלץ נייע פרויען פערברעכער געגען געזעץ און ארדנונג. ווען מען זאל גלויבען אלץ וואס די צייטונגען בענאכריכטען וועגען די ארבייט פון די מיליטאנט סאפראדזשעטס שטעהט גאנץ ענגלאנד אויף דינאמיט, און קיין טעאטער, קיין טשוירטש, קיין פאלקס בילדינג און קיין באנק איז ניט זיכער אז אט, אט זאל עס ניט פליהען צו דער לבנה מיט האק און פאק.

די בעציהונגען צווישען דער רעגיערונג און די סאפראדזשעטס זיינען אזעלכע שארפע אז עס וועט לאנג ניט קענען אויסהאלטען און עס וועט מוזען קומען צו א קריזיס. צום בעדויערען אבער איז די טאקטיק פון די מיליטאנטס אזא וואס האט אויפגערעגט אויף די אלגעמיינע מאססע קעגען זיך און מיט יעדען געוואלדטהאט מאכען זיי אלץ לענגער און געפעהרליכער זייער וועג צום ענדליכען זיעג.

## סאפריידזש אין די פעראייניגטע שטאאטען.

גאנץ אנדערש איז די סאפרידזש בעוועגונג דא אין די פעראייניגטע שטאאטען. דא געהט עס צו אויף א פריעדליכען און אנשטענדיגען וועג, און דער בעסטער בעוויז איז אז די סענאט קאמיטע, וואס בערהאנדעלט דעם פארשלאג וועגען אן אמענדמענט צו די קאנסטיטושאן צו געבען פרויען שטים־רעכט, האט אויפגענומען א קאמיטע פון פרויען־רעכטלערינס.

אן דער שפיצע פון דער קאמיטע איז געוועזען מרס. דר. אננא שאו. אויסער איהר זיינען געוועזען איניגע פרויען פון סענאטארס און קאנגרעסלייט. אין דער קאמיטע זיינען געוועזען אויך איניגע מענער, אנהענגער פון גלייכע רעכטע פאר פרויען, ווי דזשיפפארד פינשאט, קאנגרעסמאן ריין און אנדערע.

די הויפט רעדנערין איז געוועזען דר. אננא שאו. זי האט געהאלטען א שארפע און וויציגע רעדע, אין וועלכע זיא האט געווארענט, אז פרויען וועלען אויף קיין פאל ניט אויפגעבען זייער גערעכטען קאמפף. אויב דער קאנגרעס וועט יעצט ניט אננעהמען דעם אמענדמענט, וועלען די פרויען א צווייטען מאל קומען, א דריטען מאל א. ז. וו., ביז זיי וועלען זיך דערשלאגען זייער רעכט.

זיא האט וויציג קריטיקירט די יעניגע פרויען, וואס זיינען געגען פרויען־רעכטע. זי האט פערזענליך געגען זיי ניט. צווישען זיי זיינען דא מאנכע גאנץ גוטע פרויען. די צרה אבער מיט זיי איז, וואס זיי אליין ווייסען ניט, וואס זיי טהוען. מיט זייער קאמפף העלפען זיי גאר די פינסטערע עלעמענטען צווישען די מענער, וואס האלטען געמבלינג הייזער און אנדערע אונאנשטענדיגע אנשטאלטען און זיינען איינפאך פאראינטערעסירט אין דעם, אז די פרויען זאלען זיין פערשקלאפט.

ווייטער האט זי זיך אויסגעדריקט, אז איהר וואונדערט, וואס אזעלכע לייטע, ווי פרעזידענט ווילסאן און סעקרעטערי ברייען, וועלכע האלטען זיך פאר פראגרעסיווע, האלטען זיך צווייזייטיג אין דער בראגע וועגען פרויען־רעכטע.

זי האט אויסגעלאכט די מיינונג, אז מיט די 24 מילליאן פרויען, וועלכע זיינען בערעכטיגט צו קריעגען שטים־רעכט, וועט פערגרעסערט ווערען די צאהל "אילליטערייטס", וועלכע קענען ניט לעזען און שרייבען. לויט איהר מיינונג, זיינען פון דיעזע 24 מיליאן פרויען בלויז א דריי מיליאן „איללליטערייט", דאס הייסט א קלענערער פראצענט, ווי צווישען דיא מענער־וואוטערס.

ווי עס הערט זיך וועט די סענאט קאמיטע זיך בעציהען פריינדליך צו סאפראדזש און וועט רעקאמענדירען דעם נויטיגען אמענדמענט אז פרויען זאלען בעקומען שטימרעכט אין אלע שטאאטען.

## פרויען רעכטע אין אילינאיז.

אין אילינאיז סטייט וועלען דיא פרויען—אין גיכען בעקומען זייער שטימרעכט. אין סענאט איז שוין דער ביל דורכגעגאנגען און אויך אין האוז אף רעפרעזענטעטיווס איז עס רעפארטעט געווארען גינסטיג. די פרויען פון יענעם סטייט זיינען פול מיט האפנונג און זייער סאפריידזש איז נאר א פראגע פון צייט.

## מעיאר גיינאר וועגען סאפריידזש.

מעיאר גיינאר האט אויף זיין געוועהנליכען אריגינעלען שטייגער ארויסגעזאגט זיין מיינונג וועגען דער סאפראדזשעטישער בעוועגונג. דער מעיאר איז זיכער, אז ווען דיא ענגלישע רעגיערונג וואלט פאלגען זיין עצה וואלט זי גאנץ לייכט קענען לעזען די סאפראדזשעטען־פראגע.

„ווייסט איהר פאר וואס די סאפראדזשעטקעס אין ענגלאנד גיבען אן אזעלכע מעשים?" האט מעיאר גיינאר ערקלעהרט, "דאס איז דערפאר וויל אין ענגלאנד זיינען דא אנדערטהאלבען מיליאן פרויען, וועלכע האבען קיינע מענער. און אט דאס ליגט די צרה. אנשטאט צו שלעפען די סאפראדזשעטקעס אין פריזאן זאל די רעגיערונג זיי בעסער חתונה מאכען און זיי וועלען שוין ממילא ווערען אויס סאפראדזשעטקעס".

דער מעיאר איז ניט נעגען פרויען שטימרעכט. ער זאגט, אז איהם ארט עס ווי די וואנד; פון זיינט וועגען מעגען אלע פרויען האבען דאס רעכט צו וואוטען און ער גלויבט, אז דא אין אמעריקא זיינען אלע מאנער מיט דערזעלבער מיינונג; אבער ער ווייס, אז דער גאנצער קאכען זיך פון די סאפראדזשעטקעס איז נור ביז זיי קריגען א מאן, ווארים ווי נור א פרוי האט חתונה ווערט זי רוהיג ווי א שעפסעלע.

און דערפאר גלויבט ער ניט, אז דא אין אמעריקא זאל קומען אזוי ווייט, אז די סאפראדזשעטקעס זאלען אנהויבעןווארפען באמבעס ווי אין ענגלאנד, וויילדא, גאט צו דאנקען, ווערען זיי ניט פערזעסען.

אויב דער מעיאר ווייס וואס פאר א שטורעם זיין מיינונג וועט ארויסרופען אין דעם לאגער פון די ענגלישע סאפראדזשעטקעס, איז ניט בעקאנט.

## געשטארבען ערפילענדיג איהר הייליגע פליכט.

מדם. סיידי קלארק, 51 יאהר אלט, פון דענווער, קאלאראדא, איז געשטארבען פון אפאפלעקסי פונקט ווען זי האט זיך

גענומען צעהלען די שטימען פון איהר עלעקשאן דיסטריקט דעם 20טען מאי. דעם גאנצען עלעקשאן טאג האט זי זיך געפיהלט בעגייסטערט און א הייסען אנטייל גענומען אין די וואוטס. ווען די פאללס האבען זיך געשלאסען איז זי צוגעלאפען אהיים, האט אפגעגעסען סאפער מיט'ן מאן און צוריק געקומען צו צעהלען די שטימען. ווי זי האט זיך נאר גענומען צו דער ארבייט האט זי א געשריי געטאן „ניט גוט" און איז געפאלען טויט.

---

### ווייבער אלס פאלים אין סאן פראנציסקא.

אין סאן פראנציסקא וועלען צוקומען 25 בעאמטע אין פאלים דעפארטמענט און צווישען זיי וועלען זיין דריי פרויען. די צאהל פון פרויען בעאמטע אין פאליס דעפארטמענט פון סאן פראנציסקא וועט פון צייט צו צייט פערגרעסערט ווערען.

לאס אנזשעלעס האט פרויען אלס פאליסלייטע שוין איבער א יאהר און איז גאנץ צופרידען מיט זיי.

---

### די קינדער פראגע ביי טיטשערינס.

ווי דער געזעץ פאר פרויען טיטשערינס אין ניארק סטייט איז איצטער, מעגען זיי חתונה האבען, זיי טארען אבער ניט האבען קיין קינדער. זאגלייך ווי זיי ווערען מוטערס ענטזאגט מען זיי פון זייערע שטעלען אלס סקול־טיטשערינס. אויף דעם גרונד פון דיעזען געזעץ האט מען דיעזען מאנאט ענטזאגט מרס. פינקסטאָוו, וועלכע האט געהאט די „הוצפה" צו געבארען א קינד 15 מאנאטען נאך דער חתונה. מרס. פינקסטאוו האט אנגעשטעלט א לאיער פארצובריינגען איהר קייס אין העכסטען געריכט און אויספייטען פאר אלע פרויען טיטשערינס זייער מוטער־רעכט, צייגענדיג ווי ווייט אונמאראליש עס איז צו פאדערן פון א טיטשערין זי זאל ניט האבען קיין קינדער נאך דער חתונה, זאנסט פערליערט זי איהר שטעלע.

פיעלע פראמינענטע לייטע העלפען איהר אין איהר קייס.

---

### רעטעט די־מאנסביל!

אין די צייטונגען האט זיך אנגעפאנגען א געוואלד מען זאל די פרויען ניט גלויבען מעהר פאר די מענער און א מאנספארשוין זאל בעטראכט ווערן אהן א ספעציעלען פערדאכט ווען א פרוי פערקלאגט איהם אין געריכט פאר אונאנשטענדיגקייט אדער נידערטרעכטיגע אויפפיהרונג. די פרויען, בעהויפטען זיי, זיינען ניט אזוי אומשולדיג ווי אמאל, מען מעג זיי פיעלעס ניט גלויבען, און מען דארף פערהיטען דעם מענליכען געשלעכט געגען בלבולים און נידריגע אינטריגעס.

דיעזען טומעל האט אנגעמאכט א יונגע פרוי, וועלכע האט זיך מודה געווען אז־זי האט אפגעמאכט מיט נאך א פרוי צו צוציהען די אויפמערקזאמקייט פון א מאנסביל, און דאן נעהמען שרייען אז ער האט איהר בעליידיגט. דאן פלייגט זי צורימען, מאכען געוואלדען מען זאל ארעסטירען דעם „לומפ" און אויפהעצען געגען איהם דעם צוזאמענגעלאפענעם פובליקום. נאכהער פלעגט מען שוין מעלקען דעם „לומפ" פיעל עס האט זיך געלאזט אים צו פערשטיקען דעם סקאנדאל.

אט אזוי האט די דאזיגע ווייבעל בעוויזען ווי ווייט מענער זיינען „געביבקעס" אין די צייטונגען האבען זיך אנגעכאפט צו רעטען די „שטארקע" פון די נעגעל פון די „שוואכע".

---

### אונאנשטענדיגע טענץ פערבאטען.

אין מעמפיס, טענעסי, זיינען אפיציעל פערבאטען געווארען די טענץ „טעקסעס טאמי", „דהי באני האג", „דהי טוירקי טראט", „דהי גריזלי בער", „דהי בראנקא האפ" און אויך די פארשטעלונגען פון „די בלויע מיזי" און „די ביידעל אין דער טעקסי". זיי האבען דארט אויסגעפונען אז עס איז געזינטער פאר'ן עולם צו בעגעהן זיך אהן דעם.

---

### לאנדאן אויפגערעגט פאר די טענץ.

אין לאנדאן האט זיך אויך אויפגעהויבען א הייסער פראטעסט געגען די נייע מאדערנע טענץ, וועלכע דערמאנען די אונמאראלישע טענץ פון די אמאליגע צולאזענע געטצעדיענער. די גרויסארטיגע דאמען פון לאנדאן אגיטירען אז מען זאל אויף די באל טיקעטס אנצייכענען שווארץ אויף ווייס אז די אונאנשטענדיגע טענץ ווי טוירקי־טראט און אז. וו. וועלען ניט געטאנצט ווערען, — אנדערש זאל מען ווייבען פון די בעלער. דעם גאנצען שונד פון די דאזיגע טענץ ווארפען זיי ארויף אויף אמעריקא מיט איהרע גראבע זיטען און צולאזענקייט.

---

### טוירקי טראט און די גרענד דזשורי.

די גרענד דזשורי אין נויארק האט זיך גענומען פערהיטען דעם מאראל פון דער וועלט שטאדט און האט געמאכט א פארשלאג אז אין די האטעלען און אין די קאפע־הייזער זאל מען ניט טאנצען קיין טוירקי־טראט און אנדערע ניט־מאראלישע טענץ, זאנסט וועט מען ביי זיי צונעהמען די לייסענס און סטאפען זייער ביזנעס.

מעיאר גיינאר איז שטארק אויפגעבראכט אויף דער גרענד דזשורי דערפאר וואס זי מישט זיך וואו מען דארף ניט. נאך זיין מיינונג נאך האט די גרענד דזשורי ווייניג וואס צו טהאן מיט טוירקי־טראט און האט קיין רעכט פארצושלאגען עצות.

---

## דער גר

### תלמודישע לעגענדע.

(שבת ל"א).

הלל־שמאי, צווי תנאים,
צוויי חברים, גרויסע לייט ;
אין בית המדרש צו זיי איינמאל
קומט ארייַן א גוי פון ווייט :

„נו זשע, רבי'ס, ווייזט א קונץ דא,
— פאנגט דער גוי אן זיין גערוס : —
„און זאגט מיר די גאנצע תורה,
„די גאנץ תורה אויף איין פוס!"

די גאנצע תורה אויף איין פוס?
נאר משוגע איז דער מאן!
ווי דער הימעל איז זי ברייט,
טיעף איז זי דאך ווי דער ים...

שמאי כאפט זיך. „גאר צו שפאסען
מיינט דער שייגעץ איצט פון מיר!"
און פערלאזען די ישיבה
הייסט ער איהם און ווייזט די טיר.

— שא, זאגט הלל ; זייט ניט היטציג,
איך ערפיל איהם זיין באגעהר ;
יע, איך זאג דיר די גאנץ תורה,
קום, מיין קינד, צו מיר און הער !

„וואס דו ווילסט אויף דיך ניט ליידען
„אויף דעם צווייטען דאס ניט טהו !"
דאס איז גאר די גאנצע תורה,
די גאנץ תורה דא האסטו.

„וואס די ווילסט אויף דיך ניט ליידען
„אויף דעם צווייטען דאס ניט טהו !"
ווייטער איז נאר אלין א פירוש,
איז א פירוש נאר דערצו !...

און דער גוי, דעם אלטען הלל
האט געחאפט אזש האלזען, קוסען :
„ב'ווער א איד — פון אנדערע תורות
„וויל איך, רבי, מעהר ניט וויסען !"

אסתר.

# ווי צו פערהיטען זיך פון קראַנקהייטען

## ריינליכקייט.

די היים, די וואוינונג, איז דער הויפּטפּונקט פון לעבען פאר די פאמיליע, דארום איז עס וויכטיג אזוי צו פיהרען דאָס הויז, אז די גאַנצע הויזגעזינד זאָל האָבען די בעסטע געלעגענהייט לאנג צו לעבען. עס איז געזינטער צו לעבען וואָס ריינער, און מענשען וועלכע לעבען אין א ריינע הויז האַלטען זיך טאקע דורך דעם אליין אויך ריינער. פאר קינדער איז עס נאָך וויכטיגער ווי פאר גרויסע, אז די מוטער זאָל האַלטען די הויז ריין, ווייל זיי אליין קענען דאָך אויף זיך ניט אכטונג געבען און די מוטער האָט די פליכט צו פערהיטען איהרע קינדער פון קראנקהייט.

מען קען רייניגען א וואוינונג אויף א ריכטיגען און אויף א פאלשען אופן. יעדער עס ווייס ווי מען נעהמט זיך ריכטיג צו דער ארבייט, פערליערט ווייניגער צייט און האָט טאקע אויף אן אמת א ריינע הויז. ווער עס רייניגט אויפ'ן פאלשען אופן פערשלעפּט געוועהנליך דעם שמוץ און די שטויב פון איין אָרט אויפ'ן אנדערען און פערגעסט, אז א הויז איז נור דאן ווירקליך ריין ווען מען ווערט אין גאנצען פטור פון שטויב און פון שמוץ. די בעסטע מיטלען צו האַלטען א וואוינונג ריין און געזונד זיינען: א בעזעם, א פייכטע ווייכע טוך, פרישע לופט און די זון. שטויבט ניט מיט א טרוקענעם טוך אָדער מיט א פעדערווישער ווייל דערמיט פערשפּרייט איהר מעהר דעם שטויב; אים צום קעהרען די פלאָר נעהמט א פייכטען בעזים און שיט פאנאנדער נאסע שטיקלאך פאַפּיער; דאָס ציהט איין דעם שטויב.

טעלערס, לעפעל און גאָפּלען מוזען געוואשען ווערען אין הייסע וואסער און גוט אָבגעווישט ווערען זיי זאָלען אויסזעהן ריין און שעהן, טוט מען עס ניט, בלייבען אָפט אויף די געשיר פיצלאך עסענוואַרג וועלכע הויבען מיט דער צייט אָן צו פוילען און ווירקען ווי גיפט.

קלאָזעטס דארף מען האַלטען ריין און אין אָרדנונג; פארנעהמט ניט די קלאָזעטס מיט זאכען וועלכע איהר באנוצט קיין מאָל ניט. וואשט די קלאָזעטס ווייניגסטענס פיער מאָל א יאָהר מיט הייסע וואסער און מיט זייף.

מען מוז זיך געבען די גרעסטע מיהע דעם גארביידזש־פייל, דעם סינק און דעם וואטער־קלאָזעט ריין צו האַלטען, דען נור מיט ריינליכקייט קען מען זיי האַלטען פריי פון באצילען. זייף און וואסער זיינען די בעסטע מיטלען דערצו. דער איינפאכסטער ארטיקעל אום צו טויטען די באצילען איז כלאָריד אָף ליים (א מאטעריאל וואָס טויטעט־באצילען רופט מען אין ענגליש דיזינפעקטאָר). ווען מען שיט אוים אויפ'ן פלאָר פון קעלער אָדער אין וואָטערקלאָזעט, אָדער אין סינק כלאָריד אָף ליים פארהיט מען דאמיט דאָס אנקלייבען פון באצילען.

געשירטיכער. טיכער צום וואשען די פלאָר, בערשט און בעזעם ווען מען לאָזט זיי שטעהען שמוציגערהייט ציהען צו זיך פליגען און קלייבען נאָך מעהר שמוץ, דארים דארף מען די זאכען אויסוואשען און אויסטריקענען נאָך דעם ווי מען האָט זיי געברויכט.

באצילען, וועלכע מען רופט אויף מיקראָבען און באַקטעריען, זיינען אזעלכע קליינע בעשעפענישען, וועלכע עס געפינען זיך אין דער לופט, אין שטויב און אויף עסענוואַרג, מען קען זיי זעהען נור דורך א זעהר שטארקען פערגרעסערונגס גלאָז — א מיקראָסקאָפּ. עס זיינען דאָ באצילען, וועלכע זיינען ניט שעדליך, אנדערע אָבער מאַכען אָן פערשיעדענע קראַנקהייטען. אנ'אָבגעשוואכטער קערפּער ציהט צו באצילען פיעל שנעלער ווי א געזונדער, דארום דארף מען זוכען, אז דער מענשליכער קערפּער זאָל ניט ווערען אָבגעשוואכט. די מייסטע באצילען קומען אריין אין מענשליכען קערפּער דורך דעם מויל און דורך דעם נאָז; דארום קען מען לייכט אריינברייגען אין קערפּער באצילען דורך דעם וואָס מען האַלט אין מויל געלד, מטבעות, בלייפעדער, שמוציגע פינגער און ד. גל. דאָס איז אויף די לייכטעסטע אָרט צו איבערטראָגען דירעקט קראַנקהייטען פון איין מענשען אויפ'ן אנדערען.

שמוציגע זאכען פעראונרייניגען א הויז און מאַכען עס אונגעזונד, ווייל די דאָזיגע שעדליכע באצילען וואקסען מייסטען אין שטויב און פארפוילטע עסענוואַרג, אויף שמוציגע קליידער און אויף גארביידזש־פיילס, דארום דארף מען אזעלכע זאכען ניט האַלטען אין הויז, אויך דארף מען זיך היטען פון פליגען, מאָסקיטעס און אלערליי בעשעפעניש וועלכע עס פאַרשלעפּען די באצילען פון איין אָרט אויף דעם אנדערען. פליגען און מאָסקיטעס קענען אָנשטעקען דעם קערפּער מיט פערשיעדענע קראַנקהייטען, ווי, צום ביישפּיעל, שווינדזוכט, מאַלאַריא, געלבע פיבער (א זעהר געפעהרליכע קראַנקהייט וואָס קומט פאָר אין הייסע לענדער).

פליגען האָדעווען זיך אויף שמוץ, זיי זוכען זיך צו בעזעצען אויף גארביידזש־פיילס, מיסט־קאַסטענס, אין וואָטער־קלאָזעטס און דערגלייכען שמוציגע ערטער. קומענדיג פון דיעזע שמוציגע ערטער קומען זיי אריין אין הויז, שפּאַצירען ארום אויף עסענוואַרג, אויף די ניפּעלס און באָטעלס, וואָס מען גיט נאָכדעם דער בייבי אין מויל. אָפטמאָל פאַלען זיי אריין אין די מילך, טונקען זיך אָפּ און לאָזען דאָרט דערביי אייניגע באצילען; זיי זעצען זיך אויף די שפּייז און לאָזען דאָרט איבער באצילען פון טיפוס אָדער אנדערע קראַנקהייטען. דארום זיינען פלעקען פון פליגען ניט נור מיאוס, זאָנדערען אויך געפעהרליך.

מאָסקיטעס וואקסען אין שמוציגע, זומפּיגע פלעצער און אין וואסער וואָס מען לאָזט שטעהן א לענגערע צייט אָפענגעדעקטערהייט אין א יאַרד, מאַנכע פון זיי טראָגען ארום אין זיך באצילען פון מאַלאַריא און געלבע פיבער.

ווער עס האָט סקרינס פאַר די פענסטער זאָל זיי בענוצען ווי עס ווערט נאָר וואַרעם, ווער עס האָט זיי ניט זאָל קויפען מאָסקיטאָ־נעטטינג, (אזא דורכזיכטיגע שטאָף) און זאָל דאַמיט בעדעקען די פענסטער, דאָס וועט האַלטען די פליגען און מאָסקיטאָס אויסען הויז.

אלע עסענוואַרג מוזען געהאַלטען ווערען אין א אייז באָקס צוגעדעקט. אויף אזא אָרט בלייבט עס לענגער פריש און געזונד; יעדע עסענוואַרג: פלייש, מילך, פרוכט ווערט שעדליך, ווען עס הויבט אָן צו פוילען ווייל עס ענטהאַלט דאן די באצילען וועלכע מאַכען קראַנק; קינדער ווערען נאָך שנעלער קראַנק פון אזעלכע פערדאָרבענע שפּייזען ווי גרויסע.

איין מאָל א וואָך זאָל די אייז באַקס גרינדליך גערייניגט ווערען. פערגיסט מען וואָס אין אייז באַקס, זאָל מען דאָס גלייך אויסוואשען; זומערצייט ווערט דאָס עסען בעזאָנדערס שנעל פערדאָרבען, און מען מוז זיך געבען עקסטרא מיהע דאַן צו האַלטען די אייז באַקס ריין, אום דאָס עסענוואַרג זאָל דאַרין ניט פערדאָרבען ווערען. ווייניגסטענס איין מאָל א וואָך זאָל מען דורכגיסען דורך די פּייפּס הייסע

וואסער און זיי אויסריינינגען מיט א בעשטעל וואס האט א לאנגען גריף.

מען דארף זעהן זיך ריין צו האלטען. אלעס וואס לאזט זיך וואשען (אויסער פארביגע און וואלענע זאכען) זאל מען יעדע וואך ניט נאר אויסוואשען, זאנדערן אויסקאכען. ווייל די וועש ווערט ערשט אמת ריין און פריי פון באצילען ווען מען קאכט זיי אויס; היץ טויטעט די באצילען. אזוי ווי שמוץ קאן ווערען געפעהרליך דארף מען זעהן אז די קליידער זאלען זיין וואס ריינער; וואלענע זאכען זאלען אפט אויסגעבארשטען ווערען, אנגעפייכטעט און ארויסגעהאנגען אויפ'ן זון.

נאך וויכטיגער ווי די קליידער איז צו האלטען ריין די געזיכט און די הענד. מען זאל ניט לאזען קינדער זיך זעצען צום עסען ביז זיי וואשען זיך ארום, שמוציגע הענד קענען אנשטעקען ריינע עסענווארג. שמוציגע פינגער זאלען ניט אנריהרען די מויל, די אויגען און איבערהויפט ניט דאס געזיכט. פערגעסט ניט אז מיר קענען האבען אויף אונזערע הענד באצילען פון בעריהרען פערשיידענע זאכען צ. ב. ש., זיך האלטענדיג אן א שטראפ אין א קאר אן וועלכע טויזענדע מענשען האלטען זיך, עפענענדיג טהירען און דאס גלייכען. דער גאנצער קערפער מוז רעגעלמעסיג געוואשען און געבאדען ווערען, אום עס ריין צו האלטען.

קינדער שפיעלען זיך אפט אין שמוציגע ערטער, זיי זיצען אין א שמוציגע גאס, אין א שמוציגען יארד נעבען א גארביידזש־קען, אויף וועלכע עס קלייבען זיך פליגען, זיי קריכען ארום וואו קראנקע האבען אנגעשפייט און וואו שמוציגע שיך האבען פערשלעפט מיסט אדער אנדערע שמוץ פול מיט באצילען.

עס איז וויכטיג צו וויסען וואס עס טויטעט די באצילען אין שמוציגע זאכען, אזא שטאף רופט מען דיזענפעקטאנט. דער וויכטיגסטער דיזענפעקטאנט איז הייסע וואסער און זייף. די מייסטע דיזענפעקטאנטס זיינען גיפטיג און זאלען אזוי געהאלטען ווערען אין א הויז אז קינדער זאלען צו זיי ניט קענען צוקומען.

באריק עסיד קאן צוגעבריט ווערען און געהאלטען ביי דער האנד צו געברויכען ווען נייטיג, עס איז ביליג און מען קאן קויפען א פונט אויף אמאל. נעהמט פיער טהעע־לעפעל פון דעם פוידער, שיט דאס אריין אין א פיטשער און גיסט דערויף ארום 2 קאפס קאכעדיגע וואסער — אז די וואסער איז ניט קאכעדיג צוגעהט ניט דער פוידער — דאן גיסט עס אריין אין א באטעל וואס איהר האט פריהער גוט אויסגעבריהט און פערקארקעוועט עס מיט אן אויסגעקאכטען קארק — האט איהר צובערייטעטע באריק־עסיד.

צו וואס איהר קאנט דאס געברויכען: 1) אויסצואוואשען דעם מיילכעל פון די בייבי, 2) אבצואוואשען די ברוסט און די ווירצלען פון דער מוטער ווען זי זויגט די בייבי אדער די ראבער־ניפעלס, 3) צו וואשען די בייביעס אויגען, 4) צו געבען די עלטערע קינדער צו גארגלען ווען עס טהוט זיי וועה אין האלז, 5) אויסצושפריצען דעם נאז אדער אויערן אבצואוואשען.

פרישע לופט האט קיין שום ריח (גערוך). לופט, וואס האט א ריח, איז ניט ריין. לאזט ניט צו די לופט אין הויז זאל ווערען שלעכט. זומער־צייט זאלען די פענסטער אין גאנצען אפען זיין, ווינטער־צייט זאל מען עפענען אין א רום מיט 2 פענסטער איין פענסטער פון אויבען און איינעם פון אונטען. ווען עס איז איבערהויפט דא נאר איין פענסטער אין א רום, מאכט מען עס אפען עטליכע אינטשעס פון אויבען און א פאר פון אונטען, אום צו בעשטימען אקוראט ווי פיעל צו עפענען, מוז מען זיך ריכטען נאך דעם ווי פיעל פענסטער עס זיינען דא אין א רום, ווי גרויס די רום איז און ווי שטארק דער ווינד בלאזט. יעדענפאלס זאל מען אלע מאל האלטען א פענסטער אפען אין א רום, וואו מען שלאפט, אום אריינצולאזען פרישע לופט.

אלזא, געדענקט, אז שמוץ איז געפעהרליך, שמוציגע גאסען, אונריינע וואסער, אונריינע מילך — דאס זיינען אלין זאכען, וואס ברענגען געפאהר אין הויז. אום זיך צו שיצען פון אזעלכע געפאהרען, מוז מען ערשטענס אויפפאסען אויפ'ן הויז גופא און צווייטענס אויף אלין, וואס עס ווערט אין הויז אריינגעבראכט: ריינע וואסער, ריינע מילך, ריינע סטריטס שיצען קינדער פון קראנקהייט.



# די אַביסינישע קעניגין

## איהר שטורעמדיגע קאריערע.

די קעניגין טאאיטו, די פרוי פון אביסינישען קעניג מענעליק, איז בעפרייט געווארען פון געפענגעניס נאך א דריי־יאהריגען שמאכטען דארט. מען האט איהר פערשפארט פאר דער בעשולדיגונג אז זי האט געפלאנעוועט געגען דעם נאכפאלגער פון טהראן, לידזש דזשעסא, מענעליקס אן אייניקעל פון אן אנדער פרוים א קינד.

די קעניגין טאאיטו איז איינע פון די מערקווירדיגסטע פרויען אויף דער וועלט און איהר קאריערע איז זעהר אינטערעסאנט. געבארען אין יאהר 1853 האט זי יונג חתונה געהאט מיט א גענעראל, וועלכען מען האט געבאפט בונטעווענדיג זיך קעגען קעניג דזשאהן. אלס א שטראף האט מען זי אפגעגעבען אלס ווייב צו אן איינפאכען סאלדאט. נאך דעם קעניגס טויט האט זי ווייטער חתונה געהאט מיט אן אפיציער פון דער ארמעע, נאר זי האט איהם באלד אפ'געג'נט אום צו חתונה האבען מיט א גובערנאטאר פון א פראווינץ.

ווען דער ג בערנאטאר איז געשטארבען איז זי ארייין אין א מאנאסטיר, זי האט אבער ניט געקאנט פערטראגען דאס לעבען פון א מאנאשקע און האט חתונה געהאט מיט אן אבעסינישען טשיעף. אין 1883 האט זי געוואונען די ליעבע פון מענעליק, וועלכער האט צוליעב איהר ארויסגעטריבען זיין ערשטע פרוי און געדייסען טויטען זיין געליעבטערס מאן. טאאיטו איז געווארען קעניגין און האט אויפגעבויט א שטארקע פאליטישע מאשין דורך איהרע פערוואנדטע און פריינדע וועלכע האבען בעקומען די גרעסטע שטעלען אין לאנד.

טאאיטו איז פורכטלאז און ווייס קיין מאל ניט פון מורא האבען. אין דער צייט פון דעם קריעג צווישען אבעסיניען און איטאליען האט זי געפיהרט א פאלק קאוואלעריע געגען די איטאליענער סאלדאטען און געבראכט דעם זיעג פון אדראווא.

מענעליק האט צוליעב זיין שוואכען געזונד זיך דערווייטערט פון טהראן און טאאיטו האט שטארק אינטריגירט קעגען מענעליק'ס נאכפאלגער, זיין אייניקעל לידזש זשעסא, און געוואלט פערכאפען די לייצען פון דער רעגיערונג אין איהרע אייגענע הענט. זי איז פערשפארט געווארען אלס פעררעטהערין, און ערשט איצטער האט איהר לידזש זשעסא צוריק געשענקט איהר פרייהייט און איהר טיטול.

# די פאסט

רעדאקטירט פון לינא פערלמוט.



טהייערע לינא: —

ערלויבט מיר א שטיקעל פלאץ אין אייער אבטהיילונג „די פאסט" צו אויסדריקען מיין מיינונג וועגען די „הייראטספראגע". די לעצטע פאר יאהר, זייט איך האב זיך אנגעפאנגען צו אינטערעסירען אין דער פראגע פון הייראטען, האב איך אויסגעפונען צווישען מיינע בעקאנטע דאס עס האבען געהייראט מעהרער יונגע מיידלעך ווי עלטערע. דער פראצענט איז נאך פיעל גרעסער ביי די מיידלעך אין דעם עלטער, פון אונטער 20 יאהר. ווען איך הויב אן צו דענקען איבער די אורזאכע פון דעם קאנטראסט, געפין איך אויס צום בעדויערען, דאס די שטילע, אנשטענדיגע מיידעל בלייבט גיכער זיצען ווי די וואס „שפרינגט אין די אויגען"; איך קען פיעלע וואס זיי האבען געהייראט צו 18—19 יאהר, דורכדעם וואס זיי האבען זיך בעקאנט מיט זייערע „פעלערס" אין די דענסינג סקוהלס אויף פיקניקס און בעלער.

איך בין א מיידעל פון 21 יאהר, לייד־ מע זאגען אויף מיר איך בין שעהן און קלוג. איך בעזיץ גוט די ענגלישע שפראך. איך בין אין הויז ביי מיינע עלטערען. איך געה אבער קיינמאל אין די דענסינג האלס, און זוך ניט קיין „פעלערס" אויף בעלער אדער פיקניקס.

מאנכע פון מיינע בעקאנטע, לאכען פון מיר און שרעקען מיר איך וועל קיינמאל ניט קריגען מיין בעשערטען, אויב איך וועל אליין ניט זוכען.

איך וויל וויסען אייער מיינונג וועגען דעם. איך פיהל ביי זיך א גרויסע ערניעדרונג פאר'ן גאנצען פרויען געשלעכט, אויב דורך אזעלכע מיטלען זאל די פרוי דארפען איהר ציעל עררייכען.

אכטונגספאל,

די שעמעדיגע.

---

איהר האט זעהר רעכט מיט אייער מענה. איך וויל אייך אבער פערטרויען א סוד, האס ביי די „העלדען" די מענער, איז אויך דא א גרויסער פראצענט פון די שעמעדיגע, וואס זיי וואלטען קיינמאל געהייראט, ווען די „שפרינגערינס", וואלטען זיי אין די הענד ניט אריינגעפאלען. דערפאר איז אבער דא אויך א גרויסע צאהל פון די אנשטענדיגע מענער, וואס זוכען נאר די שטילע, אנשטענדיגע מיידעל, און עס איז אויך ניט קיין גרויסער פערברעכען, ווען די שטילע זאלען מעהרער קומען אין געזעלשאפט און ניט שפרינגענדיג בעקענען זיך מיט יונגע לייט.

---

טהייערע מיסס לינא פערלמוט:

איך וויל יעצט פאר אייך אביסעל מיין הארץ אויסריידען, און אויב איהר וועט זיין אימשטאנדע מיר א ריכטיגע עצה געבען, וועט א גאנצע פאמיליע אייך דאנקבאר זיין.

אין אייער פארעדע אין „פרויען וועלט" שרייבט איהר:

„עס טרעפט אז געליעבטע צואווערטלען זיך, מאן און פרוי קענען זיך ניט אויסגלייכען איבער א קליינינקייט און יע־

דער פון זיי, איז צו שטאָלץ נאָכצוגעבען. דאָס קען לייכט פיהרען דערצו אז דער שלום בית זאָל געשטערט ווערען און צו־ ליעב א קליינינקייט קענען פיעלע בלייבען אונגליקליך זייער לעבענס לאַנג.

איך בין שוין 13 יאָהר פערהייראַטה, איך האָב 2 שעהנע קינדער, מיין מאַן מאַכט אימער גוטע ביזנעס, עס פעהלט אונז ניט אוי פאַ לעבען צו מאַכען, אָ. אויף אנדערע נויטווענדיגקייטען. מיין פאַ־ מיליע איז מיר מקנא, וואָס איך האָב אַזא שעהנע הויז, און דאָך פיהל איך זיך אונ־ גליקליך, זעהר אונגליקליך... מעגליך אַן אנדער פרוי אויף מיין פּלאַץ, אָדער ווען די אומשטענדען וואָלטען ביי אונז געווען ערגערע ווי זיי זיינען, וואָלט איך אזוי פיעל מיין שלעכטע לאַגע גוט געפיהלט.

אונזער שלום בית איז אימער צו־ שטערט צוליעב קליינינקייטען. אונזער ברוגז ווערען אזוי אָפּט, פיהרט זיך ביי אונז זייט מיר האָבען געהייראַט. איך פיהל זיך פּונקט ווי א פרעמדע. מיין מאַן האָט א דריי־גודס סטאָר, און ער וויל ניט איך זאָל איהם העלפען. און ער האַלט נור אין איין רעדען, דאָס ער דאַרף האָרעווען אויף מיר. איך מייד אויס יעדע קליינינקייט, וואָס זאָל אָנמאַכען קריעג אין הויז, אָבער ער זוכט שוין אויס פון אונטער דר'ערד, צו שטעכען מיר און זידלען און זוכט אויס ביי יעדע געלעגענהייט, מיר קליין און ניעדריג צו שטעלען. ער פיהלט צייטענ־ ווייז מיין שוואַכקייט, און דאָס גיט איהם צו מוטה צו ערניעדריגען מיר און צו מאַ־ כען מיר מיט די בלאָטע גלייך, אָבוואָהל ער האָט קיין אורזאַכע דערצו.

איך בין גענוג שעהן פאַר איהם, איך מער געזונד, און בין אזוי געבילדעט ווי ער אויך. צייטענווייז פיהל איך, אז איך בין א פּראָסטע שקלאַפין ביי איהם. און עס עקעלט מיר אָב מיין גאַנצער לעבען, איך בעגרייף מיין אונגליק וואָס ווייטער אַלעס גרעסער, אָבער איך בין הילפלאָז. ווען איך זאָל אָבטרעטען פון איהם, וואָס קען איך טהאָן מיט 2 קליינע קינדער?

קענט איהר מיר געבען אַן עצה ווי מיין לעבען צו פערבעסערען?

די אונגליקליכע שקלאַפין.

---

די לאַגע פון דיעזער פרוי איז ווירק־ ליך א טרויעריגע. ליידער זיינען דאָ אַזעל־ כע צובראָכענע פאַמיליען אין די הונדער־ טער, פיעלע פון וועלכע עס האָבען ניט אפילו דעם מוטה צו בעקלאָגען זיך אָדער דערצעהלען פאַר א צווייטען.

צו געבען אַן עצה אונזער שרייבערין פון דעם בריעף, איז זעהר א שווערע אויפ־ גאַבע, ווייל זי שילדערט בלויז איהר טרוי־ ריגע לאַגע, און בעשרייבט גאָר ניט דעם כאַראַקטער פון איהר מאַן, זיינע מעלות און חסרונות, אויך די אורזאַכען, וועל־ כע עס ברייינגען אזוי אָפט צו די קריע־ געריייען.

מיר האָבען דאַרום בעשלאָסען צו איי־ בערלאָזען די פראַגע פאַר אונזערע ווער־ טהע לעזערינס, זיי זאָלען אויסדריקען זיי־ ער מיינונג ווי אזוי קען אָט דיעזע אונ־ גליקליכע איהר לאַגע פערבעסערען?

זאָל יעדע פון אייך ארויסזאָגען, וואָס איהר דיינקט וועגען די „אונגליקליכע שקלאַפין".

אדרעסירט אַלעס:

"LENA"

The Jewish Ladies Home Journal

65-67 Suffolk Street,

New York, N. Y.

# קאָכען און באַקען

## קאָקאָנאַט פּאַי.

פיער אייער, א האַלבע קאָפּ פּוטער, א קוואָרט מילך, א טהע לעפעלע קאָרן סטאַרטש, א קאָפּ מעהלצוקער, א קאָפּ צובראָקטע קאָקוס ניס, א האַלבע טהע לעפעלע וואַנעלאַ טראָפּענס.

דאָס איז גענוג פאַר 2 פּאַיס.

---

## לייכט געמאַכטע שאָקאָלאַד.

נעהמט מילך (אָדער א טהייל מילך און וואַסער) אין א שיסעל, מעסט אָפּ אזוי פיעל צומאָהלענע שאָקאָלאַד אָדער קאָקאָ פיעל איהר ברויכט, שיט עס אריין אין די קאַלטע מילך, און שטעלט עס אויפ'ן אויוון אויפקאָכען און לאָזט עס א פּאָר מי־ נוט זיעדען, ווען ניט ווען אויסמישענדיג עס.

---

## שנעל געמאַכטע ביסקוויט.

צוויי קאָפּים מעהל, צוויי גרויסע עס־ לעפעל פּוטער, א האַלבע טהע לעפעלע זאַלץ, פיער טהע לעפעלעך בייקינג פּאַו־ דער, דריי־פיערטעל קאָפּי מילך. שניידט עס און באַקט אין א הייסען אויוון אכט מינוט.

---

## קאָרן קייקס.

א האַלבע קאָפּי צוקער, א פיערטעל קאָפּי פּוטער, צוויי קאָפּים מעהל, א האַל־ בע קאָפּי קאָרן מיל, אָנדערטהאַלבען קאָ־ פּים מילך, איין איי, צוויי טהעלעפּעלעך בייקינג פּאודער. קלאַפּט עס גוט איין און באַקט עס אין א מאַפין־פּאַן (א פּאַן מיט אָבטיילונגען פאַר „קוגעלעך")

---

## באַנאַנא בלענקמאַנזש.

שיט אריין אין א קוואָרט קאָכעדיגע מילך א האַלבע קאָפּי צוקער, א ביסעלע זאַלץ און דריי עסלעפעל קאָרן סטאַרטש צוגאַנגען אין א האַלבע קאָפּי קאַלטע וואַ־ סער. ווען עס ווערט געדיכט רייבט איין די פלייש פון דריי גרויסע באַנאַנאַס און א שטייף איינגעשלאָגענע ווייסעל פון אַן איי. לאָזט עס איינקיהלען.

---

רייז פּודינג, איינגעפרוירען ווי אייז־ קריעם, איז איינע פון די בעסטע זומער געריכטען.

לימאָן דזשוס אויף פיין עפעל גיט צו אַן אנגענעהמערען טעם.

פיין עפעל מאַכט דעם מאָגען צו קאָ־ כען, און מען דאַרף עס דעריבער ניט עסען אויף א הונגעריגען מאָגען.

---

## שוואָמען קאָטלעטס.

נעהמט 2 אונצעס שוואָמען, וואַשט זיי גוט אויס אין הייסע וואַסער, נאָכהער לאָזט זיי ווייקען אין הייסע וואַסער ביי 15 מינוטען ביז זיי ווערען ווייך.

האַקט איין די שוואָמען מיט א ציבע־ לע, טהוט אריין אַן איי, א ביסעל זאַלץ, א ¼ פונט מצה מעהל. פערפּרעגעלט א ציבעלע מיט בוימעל אָדער פּוטער, אבי־ סעל זופּען גרינס און האַקט עס איין אַלעס גוט ביז עס ווערט א געדיכטע מאַסע.

מאַכט פון דעם קאָטלעטען און פרע־ גלט עס אין אויל אָדער פּוטער.

מיסס ה. ה. ליטאַוער.

---

געוועהנליך דענקט מען אז צוקער שאַדעט צו די ציינער, און אז א קינד עסט פיעל צוקער שרעקט מען זיך אז ער וועט האָבען שלעכטע ציינער. דאָס איז אָבער פאַלש דורך און דורך. די נעגערס פון וועסט אינדיען עסען זעהר פיעל צוקער, פּאַטיקא און צוקער רעהרען און די ציינער ביי זיי זיינען פון די געזינדסטע און די שעהנסטע. וואָס פאַר א ווירקונג צוקער זאָל ניט מאַכען אויף דעם מענשענ'ס סיסטעם — אָבער מיט די ציינער האָט עס גענצליך גאָרנישט צו טאָן.

---

זעהט דעם ספּעשעל אָפער פון מר. קאָרנוויז, דעם בעריהמטען פאָטאָגראַ־ פער, אויף זייטע...

# פאר בעל הבית'טעס

## פאסטעריזיישאן פון מילך און קרים (שמאנט).

פיעלע פון די מילך, וואס מען פערקויפט, איבערהויפט אין די גרויסע שטעדט, ענטהאלט אין זיך פיעל באקטעריע, צווישען וועלכע עס זיינען פאראן פיעלע שעדליכע, ווי צום ביישפיעל פון טייפאאיד, פון דיפטעריע, פון שווינדזוכט און פון פיעלע אנדערע קראנקהייטען. אייבערהויפט, אויב די קיה, אדער דער מאן, וואס געהט ארום די מילך, האבען געליטען פון אזא קראנקהייט געהט די קראנקהייט איבער אויף די וואס עסען די מילך. ריעזע אלע באקטעריע ענדערען ניט דאס אויסזעהן פון די מילך, און דעריבער קאן מען עס ניט בעמערקען, און די וואס געברויכען אזא מילך און איבערהויפט קינדער אדער שלאפע מענשען נעהמען זיך באלד אן די קראנקהייט, דעריבער מוז מען פאסטעריזען די מילך, דאס מיינט, אז מען זאל די מילך קאכען ביז 20 מינוט אין א טעמפעראטור פון 150 ביז 160 גראד פארענהייטס, און באלד זאל מען עס אבקיהלען. הערמיט פערניכטעט מען די באקטעריע און און מען מאכט די מילך אונשעדליך.

### ווי אזוי צו פעסטירייזען מילך.

צוליעב פעסטירייזיישאן פערקויפען זיך אזעלכע בלעכענע עמערלעך (פעילס). אויף דער אונטערשטער דעק איז פאראן נאך א דעקעל מיט לעכלעך, וועלכע פערהיט, אז די פלעשלעך מיט מילך זאלען ניט פלאצען. אויב מען האט ניט אזא ספעציעלע כלי, קאן מען נעהמען וועלכע עס איז בלעכענע כלי און אינווענינג אריינשטעלען א פאי טין (סקאווערדע) מיט'ן דעק ארויף. די פלעשלעך מיט מילך שטעלט מען אריין אין דער כלי, און א ריכטיגען טערמאמעטער זאל מען אריינשטעלען אין די וואסער, אדער אין איינער פון די פלעשלעך. יעצט גיסט מען אן די כלי מיט וואסער, אז דאס וואסער זאל אויסקומען בייגאהע גלייך מיט די מילך אין די פלעשלעך. אויבען דעקט מען צו מיט דעם דעקעל, אין וועלכען עס איז פאראן א לעכעל, דורך וועלכען דער טערמאמעטער קומט ארויס. די כלי שטעלט מען יעצט אויפ'ן אייוען, און מען הויבט אן צו ווארימען ביז די טעמפעראטור ווערט פון 150 ביז 160 גראד פארענהייטס, דאן נעהמט מען עס אראב פון פייער און לאזט די מילך אין די



בילד נומער 1 ווייזט א כלי צוליעב פאסטירייזען און אבקיהלען די מילך.



בילד נומער 2 ווייזט א כלי צו פעסטירייזען מילך ספעציעל צוליעב קליינע קינדער.

הייסע וואסער ביז 25 מינוט, דאן נעהמט מען אראב די אויבערשטע דעקעל און מען שטעלט אונטער די כלי אונטער א קראן (פאסעט) מיט קאלטע וואסער, און מען לאזט די קאלטע וואסער געהן גאנץ שטיל ביז דאס קאלטע וואסער פערנעהמט דעם פלאץ פון די הייסע און די מילך בעקומט די זעלבע טעמפעראטור, וואס די קאלטע וואסער. יעצט שטעלט מען די מילך אויפ'ן אייז ביז מען דארף עס געברויכען.

### פעסטירייזינג מילך צוליעב קליינע קינדער.

וואו די מוטער קאן אליין ניט זויגען איהר קינד, און מוז געברויכען די מילך פון א קוה איז גוט צו געברויכען א ספעציעלע באטעל (פלעשעל) צוליעב דעם. דער הויפט דארף אזא פלעשעל זיין מיט א ברייטער העלזעל, און דארף זיין קיילעכדיג, אום מען זאל קאנען גוט אויסרייניגען, אין דער זעלבער פלעשעל קאן מען ווארימען די מילך. אין דער צייט, ווען מען ווארימט די מילך, און נאכהער ביז מען דארף געבען דעם קינד עסען, זאל מען די פלעשעל פערשטעקען מיט א שטיקעל ריינע קאטען (וואטע) און דעם ראבער ניפעל (סאסקע) זאל מען אראבנעהמען, דאס וועט פערהיטען דעם ניפעל, און די מילך וועט זיין ריינער און בעסער. פיעל פלעשעלעך דאס קינד דארף האבען פאר א גאנצען טאג קאן מען עס מיט איינמאהל פעסטירייזען און צו יעדער מאהל, וואס מען דארף געבען עסען, זאל מען די פלעשעלע אנווארימען און מען זאל אנטהאן דעם ניפעל און געבען עסען. פעסטירייזד מילך, וואס איז געשטאנען מעהר פון 24 שטונדען, זאל מען ניט געבען קיין קינדער.

(„דער אידישער פארמער“)

# ציבעלע

פיעלע שעהמען זיך מיט ציבעלע און האבען מורא אויסצורייִדען זיך אז זיי גֶעסען דאס, אום מען זאל זיי ניט האלטען פאר צו וואולגאר. די פעראכטעטע ציבעלע האבע, אבער פיעל מעלות און ענטהאלטען אין זיך פיעל שטאפען וואס זיינען נויטיגענדיג פאר דעם מענשליכען קערפער. ווען מען זאל זעהן אז קינדער זאלען עסען צוויבעל וועט מען זיי פערהיטען פון פיעל קראנקהייטען און מען וועט היבשע דאלארס איינשפארען פון דאקטוירים. ווען א בייבי איז פערקיהלט און האט א טרוקענעם הוסט, וועט אן אפטע דאזע פון צוויבעל סירופ פיעל העלפען. דער סירופ ווערט פערפערטיגט ווען מען צושניידט דעם צוויבעל אויף „המוציא'ס" און מען בעשיט עס מיט מעהל־צוקער (ברוין־שוגאר און נאכהער אויפלייגען די שטיקער איינע אויף די אנדערע אין א שיסעלע.

צוויבעל געפרעגעלט מיט סוויט־אויל איז א גוטע זאך פאר א פערקיהלונג אין ברוסט. אין א קראנקען־צימער איז צוויבעל צושניטען אין שטיקער זעהר גוט צו רייניגען די לופט פון באצילען: די צוויבעל נעהמט איין אלע מיקראבען, נאר מען דארף עס אימבייטען אזוי שנעל ווי עס פערליערט דעם ריח אין דעם געוועהנליכען קאליר.

ווער עס קען עס געברויכען איז א רויהע ציבעלע פאר'ן שלאפען געהן זעהר געזונד: עס בערוהיגט די נערוועז, רייניגט די בלוט, העלפט דעם מאגען פערדייען די שפייז און איז גאנץ אפט א רפואה צו שלאפלאזיגקייט.

# מיט וואס מען פייערט דעם יובילעאום פון חתונה

צום ערשטען יאהר — מיט קאטאן.
צום צווייטען יאהר — מיט פאפיער.
צום דריטען יאהר — מיט לעדער.
צום פיערטען יאהר — מיט פרוכט און בלומען.
צום פינפטען יאהר — מיט האלץ.
צום זעקסטען יאהר — מיט צוקער.
צום זיעבעטען יאהר — מיט וואלציג.
צום אכטען יאהר — מיט ראבער.
צום ניינטען יאהר — מיט וויללאו (אזא האלץ).
צום צעהנטען יאהר — מיט צין.
צום עלפטען יאהר — מיט שטאל.
צום צוועלפטען יאהר — מיט זייד און גוטע לינען.
צום דרייצעהנטען יאהר — מיט ליים.
צום פיערצעהנטען יאהר — מיט העלפאנדביין.
צום פופצערנטען יאהר — מיט קריסטאל.
צו צוואנציג יאהר — מיט טשיינא.
צו פינף און צוואנציג יאהר — מיט זילבער.
צו דרייסיג יאהר — מיט פערל.
צו פיערציג יאהר — מיט רובין.
צו פופציג יאהר — מיט גאלד.
צו פינף און זיעבעציג יאהר — מיט דיאמאנטען.

# אונזערע לעזערינס ווינקעל

אין דיעזער אבטיילונג וועלען מיר דרוקען אלץ וואס אונזערע לעזערינס וועלען אונז צושיקען אויב עס איז מעהר אדער וועניגער דרוקבאר און אויב עס פערנעהמט ניט מעהר ווי 150 ווערטער.

עס בליהען בלומען
אין שעהנעם גארטען,
ס'הערט זיך ווי עס זשומען
ביהנען פיעל דארטען.
עס הלום'ט זיך שטיל
דער טיעף־בלויער הימעל,
אין ווארפט אויף זיי אן
א זיס־ליעבען דרימעל.
א גרויזאמער ווינט
האט זיי פלוצלונג ערוואכט,
ער ברענגט אין א וואלקען
א פינסטערע נאכט.
ער וויל זיי צושיידען
און שאנעוועט קיינעם, —
די בלומען ווי העלדען
קעמפפען אין איינעם.
פון די זעלבע בלומען,
וואקסט איינע אין מדבר,
איינזאם און עלענד
זי איז צווישען דערנער.
זי ווערט צושטאכען
פון א יעדען דיהר,
דער ווינד גיט א שאקעל,
הערט מען קרעכצען פון איהר.
יענע טריאומפירען
און בעיעגען זיך אין איינעם;
די קען זיך ניט ריהרען,
ווייל זי האט שלעכטע שכנים.

דארא פריעד.

# די געזעץ וועגען א „געזונדהייט סערטיפיקייט"

אין די הויכע קרייזען אין וואשינגטאן, איז דיעזע וואך אבגעהאלטען געווארען א קאנפערענס, מען זאל טרייען דורכפיהרען די נייע לאא: דאס יעדער מאן אדער פרוי, וועלכע ברענגען אן אפליקיישאן פאר „מערידזש־לייסענס", זאלען אויך צושטעלען א דאקטאר סערטיפיקייט, דאס זיי זיינען פאלקאם געזונד.

דער קאנפערענס איז געווען אין הויז פון מרס דזשאהן היים האמאנד. עס האבען זיך בעטהייליגט אין דעם קאנפערענס מרס. וואודראו ווילסאן, מרס. וו. דזש. בריען און נאך פיעלע פראמינענטע פרויען.

דער רעזולטאט איז געווען, דאס מען וועט גרינדען א גרויסע ארגאניזיישאן צו אנפיהרען א קאמפיין איבערען גאנצען לאנד, צו לערנען דאס פאלק די היגיענע פון געשלעכטליכען לעבען, און דורכפיהרען דאס געזעץ פון א „דאקטאר סערטיפיקייט" בעפאר די הייראט.



# פרויען טהעטיגקייט



## אין הארלעם

א זעהר וויכטיגע לײדיעס סאסייעטי עקזיסטירט אין הארלעם, מיט דעם נאמען „ליידיעס בענעוואלענט און רעליעף סאסייעטי אף הארלעם".

די אפיסערס זינד: איידא ליווי, פרעזידענטין; וואלענשטיין, ליבערמאן און וואלקאף, וויס־פרעזידענטין; מרס. שאפירא, טרעזשורער; מ. מארקאווין, סעקרעטער; דירעקטארען: מרס. דיימאנד, ליווי, וואלאסאוו, פ. גארדאן, מארקוס, יאנאפ, וואלקאף, קראנענבערג, הורוויץ, עפשטיין, יוטאל און ליבערמאן; רעליעף קאמיטע: דיימאנד, יאנאפ, וואלאסאוו, הירזשנער, שרה קאהן, בראנענבערג און יוטאל.

דער צוועק פון דיעזער סאסייעטי איז צו העלפען און אונטערשטיצען ארימע נאטהליידענדע הילפלאזע און קראנקע אהנע פארמאליטעט, אויגענבליקליך, פון זייער טרויעריגע לאגע ארויס צו העלפען.

זיי האבען א מעמבערשיפ פון 150 שוועסטער, געגרינדעט דורך מרס. גאלדע דיימאנד, אין סעפטעמבער 1904, און געטשארטערט מאי 4 1906. פון זייער לעצטען רעפארט איז צו זעהן אז זיי פערדיענען דעם נאמען, וועלכען זיי טראגען, ווייל חוץ וואס זיי האבען א גאנץ יאהר אויסגעהאלטען א האלבען הונדערט ארימע און קראנקע פאמיליעס מיט אלס וואס א פאמיליע געברויכט האבען זיי דיעזען פאר פסח אויסגעטהיילט צו 118 פאמיליעס מצה, פלייש, ווייז, פאטייטאס, גראסעריעס און קעש. מיט איינינע מאנאט צוריק האט דיא זעלבע סאסייעטי געגרינדעט איין גמילות חסדים. דיא אפיסערס זינד די זעלבע מיט דער אויסנאהמע פון דעם טרעזשורער, וועלכע איז מרס. וואלאסאוו. אין קורצען וועלען זיי עס עפענען און יעדער ארימאן וועט קענען קריגען געבארגט עטליכע דאלער אהנע אינטערעסט, אויף קליינע אפצאהלונגען.

איין ווערטהע סאסייעטי איז דיא „ליידיעס אקזילערי אף די ישיבת תורת חיים אף הארלעם".

מרס. איידא ליווי, פרעזידענטין; שוועסטער לעווינקינד, מרס. נייער און גאלדין, וויס־פרעזידענטין; ביילה סיימאן, טרעזשורין.

די גרינדערינס פון דיעזע סאסייעטי זינד: שרה בלומבערג, איידא ליווי זלאטא וויטקין, באלקין, דיינאף און ביילה סיימאן.

דער צוועק פון דיעזער סאסייעטי איז צו העלפען און אונטערשטיצען מיט אלע מעגליכקייטען, אלע איינקינפטע ווערט איבערגעגעבען צו דעם טרעזשורער פון דער ישיבה. עס איז איין ערך פון 3 יאהר און דיעזע סאסייעטי, וועלכע בעשטעהט פון 180 מעמבער האט בייגעשטייערט צו דער ישיבה איבער 800 דאלער און 400 דאלער האט דיא זעלבע סאסייעטי נעגעבען אויף דעם בילדינג פאנד.

א גוטע ארבייטארין איז מרס. מייקעלסאן, די גרינדערין פון דיא האום בנות ישראל מושב זקנים דהארלעם. אין אלגעמיין ארבייטען אלע יד אחת און זיינען ווערטה, אז מען זאל זיי אונטערשטיצען אין זייער נאבעלער ארבייט.

## פרויען און פלייש־פרעסעריי.

פיעלע מענער וועלכע סימפאטיזירען מיט דעם ו ע ג ע ט א ר י ז ם, ד. ה. מיט דער אידעע, וואס ערלויבט ניט צו עסען אזעלכע שפייזען, וואס איז פערבונדען מיט מארד אדער גרויזאמקייט; ווען מען פרעגט זיי, „ווארום ווערט איהר ניט וועגעטאריער?" ווארום עסט איהר ניט וועגעטארישע שפייזען? ענטפערען זיי, אז די שולדיגע זיינען זייערע פרויען, ווייל זיי קאכען נור פלייש אדער פליישיגע מאכלים.

אין דעם איז דא א שטיק אמת, אבער די פרויען זיינען ניט אימער אין גאנצען שולדיג, ווייל זיי ווייסען נעבעך ניט וואס און ווי אזוי צו קאכען און פערפערטיגען וועגעטארישע מאכלים.

אלזא, יעצט, וועט איהר, פרויען, ניט מעהר קענען אנגעבען דעם תירוץ, אז איהר קענט ניט קאכען. קומט אין דעם פיטהאגאראס" (וועגעטאריער) רעסטאראנט, 42 נארפאלק סט. קאר. גרענד (1טען פלאר) אין מען וועט אייך פריי לערנען, ווי אזוי צו קאכען און פערפערטיגען וועגעטארישע מאכלים. קומט יעדען טאג — אויסער שבת און זונטאג — פון 2 ביז 4 נאכמיטאג.

מיט אכטונג,

מ. י. ליטאוער,

מענעדזשער פון פיטהאגאראס

(וועגעטאריער רעסטאראנט.

* * *

## מושב זקנים בנות ישראל דהארלעם.

32 איסט 119טע סט., ניו יארק.

געגרינדעט אין 1907. די ערשטע גרינדערינס מרס. חיי שרה מייקעלסאן, מרס. סיימאן, מרס. ב. האבערמאן, מרס. טוניק, מרס. אייביסאן, מרס. פעדיל וואלקאף, מרס. ניטעל קאהן און נאך איינינע טהעטיגע פרויען, וועלכע זיינען ניט מיעד געווארען ארבייטענדיג פיר די נאבעלע אידעע, צו פערזארגען א היים פיר אלטע הייפלאזע.

זיי האבען געספענדט פיעל געלד, צייט און מיהע, ביז זיי האבען ארויפגעבראכט דאס מיט 2 יאהר בעפאר האבען זיי געליעסט די בילדינג, וואו עס ווערען אויסגעהאלטען 21 אלטע פון 70 ביז 115 יאהר.

די אינסטיטושאן בעזיצט אריבער 1100 מעמבערס און פארמאגט אריבער 8000$.

די יעצטיגע אפיסערס:

פרעז. נייטהען גארניק; וויס פרעז., מרס. רבקה טוניק; טרעזשורער, מרס. ב. האבערמאן; פינאנס־סעק., עני קאלעצקי; טראסטיעס; הייטשעל קאהן; מרס. ח. ש. מייקעלסאן און מרס. קאפלאן; מענעדזשער, מר. ב. שליסעל.

רעג. מיטינג 2טען און 4טען דיענסטאג.

דירעקטארען מיטינג יערען דאנערשטאג אבענד.

## אין נוארק

### די נוארקער בנות ישראל מלביש ערומים סאסייעטי.

די בנות ישראל מלביש ערומים סאסייעטי אין נוארק, נ. דזש., איז אין איהר צווייטען יעהרליכען עקזיסטענץ. דיא גרינדערין פון די סאסייעטי איז מרס. פריעדא עליאס. אנגעפאנגען האט זי דאס גאנץ אליין, נור נאכהער האט זי צוגעצויגען נאך פרויען און זיי האבען אין די קורצע צייט געמאכט גוואלדיגען סוקסעס. זייער הויפט אויפגאבע איז צו בעקליידען די ארימע תלמוד תורה קינדער, נור זיי ענטזאגען ניט קיינעם, ווער עס מעלדעט זיך ווערט ברדך כבוד בעקליידעט. אין די קורצע צייט פון זייער עקזיסטענץ האבען זיי 4 מאל בעקליידעט די תלמוד תורה קינדער און געספענדט איבער 1200$.

די בעאמטע פון די סאסייעטי זיינען: מרס. פרידא עליאס, פרעזידענט; מרס. זעלדא אקין, וויס־פרעז.; מרס. רבקה פארסאנעט פראטאקאל סעקרעטער; מרס. ליווי, פינאנס סעק.; מרס. נאטסעקרעטער; מרס. ליווי, פינאנס סעק.; מרס. יאדקינען א טשארטער פון די סטייטס, און קירצליך וועלען זיי פייערן זייער טשארטער פעסט.

### נוארק, נ. דזש.

### געדענקט דעם פיקניק!

די „וועסט סייד ליידיעס רעליעף סאסייעטי" וועט האבען איהר יעהרליכען פיקניק אין וועבער'ס קאלאסעאום, דעם 8טען דזשון.

דער פיקניק פון די „רעליעף סאסייעטי" איז

### ליידיעס אקזילערי פון ר' ישראל סאלאנטער תלמוד תורה.

מיט 4 יאהר צוריק, ווען עס האט זיך געגרינדעט דיא בעוואוסטע תלמוד תורה ר' ישראל סאלאנטער פון 74 איסט 118טע סטריט, האבען בעוואוסטע נאבעלע פרויען פון הארלעם ארגאניזירט זיך אין א ליידיעס אוקזילערי צו ארבייטען פיר דער ת"ת, זיי האלטען אפטע מיטינגען, ארראנזשירען פערשיעדענע אונטערנעהמונגען, צו שאפען געלט פיר דער ת"ת. דיא פרעזידענטין פון דיא ליידיעס אוקזילערי איז מרס. פעני וויסמאן, וועלכע ארבייט זעהר פיעל פיר דיא ערציהונג פון די אידישע קינדער אין הארלעם.

### ליידיעס מלביש ערומים סאסייעטי.

אין די זעלבע תלמוד תורה געפינט זיך א ליידיעס מלבוש ערומים סאסייעטי, וועלכע צעהלט ביי 800 פרויען מעמבערס, זיי בעקליידען און בעשוכען די אריפע קינדער פון ת"ת, דיא פרעזידענטין איז מרס. סערעה פריינד, הונדערטער און הונדערטער ארימע קינדער ווערען בעשוכט און בעקליידט דורך דיעזע נאבעלע פרויען סאסייעטי.

### מוטערס מיטינגס.

דיא מוטערס פון דיא 800 קינדער וועלכע לערנען אין ר' ישראל סאלאנטער תלמוד תורה האבען נעדען מאנאט א מוטערס מיטינג אונטער דעם פארזיץ פון דעם פרינסיפאל פון סקוהל, הרב שמריהו ליב הורוויץ, צו בעהאנדלען אלע פראגען פון דיא אידישע סקוהל און פון דיא אידישע היים ערציהונג.

רבי הורוויץ האלט פיר זיי א לעקטשור וועגען קינדער ערציהונג, און קינדער פון תלמוד תורה שטעלען פאר פיר זיי א בילד פון תנ"ך צייט, און זינגען פערשיעדענע נאציאנאלע העברעאישע און אידישע געזאנג. דיא מיטינגען ווערען גוט בעזוכט פון די פרויען און גיבען זעהר פיעל נוצען פיר דעם בענעפיט פון דיא ערציהונג פון דעם יונגען אידישען דור היער אין לאנד.

יערען יאהר א מין יום טוב פיר די נוארקער פרויען. דארט טרעפען זיך אויף די שעהנסטע בעלי בתישע פאמיליען פון גאנצען שטאדט. מען פערברייננט א טאג מיט צו אבענד אין א גייסטיגען און קערפערליכען פערגניגען. אלע מעמבערינס און גוטע פריינד בענעגענען זיך דארטען. און דער גייסט פון וואהלטהאט און צדקה פעראייניגט אלעמען אין איין פאמיליע, אלע פיהלען זיך ווי אמת'ע שוועסטער און מיט די בעגייסטערונג צו העלפען ארימע און נויטליידענדע טרייט יעדע פרוי צו איבערשטייגען די צווייטע, דאס דער פיקניק זאל מאכען א גרויסען סוקסעס, און עס זאל וואס מעהר פראפיט בלייבען פיר'ן טשאריטי פאנד.

מיר אפעלירען צו אלע נוארקער אידישע פרויען: קומט צו אונזער פיקניק, דעם 18טען דזשון, אין וויווערס קאלאסעאום, 457 ספרינגפיעלד עוו., איהר וועט זיך גענוג אמוזירען פיר אייערע פאאר סענט וואס איהר וועט ספענדען; דאס איז דער בילינסטער צייט פערטרייב און פערגניגען וואס איהר קאנט זיך ווען עס איז פערשאפען. און צו דעם גייסטיגען פערגעניגען וואס איהר וועט געניסען דארט, וויסענדיג דאס איהר העלפט ארימע און נויטליידענדע פאמיליען, וועט גאר קיין גלייכען ניט זיין.

קומט צו אונזער פיקניק!

פאלגענדע זיינען די אפיסערס פון פיקניק קאמיטע: מרס. סאפיע אקסעלראד, טשער־ליידי; מרס. גינזבערג, טרעזשורער; מרס. רחל פארסאנעט, פינאנס סעק. און מרס. באנדע, רעק. סעק.

מרס. אגוסטא רייך, די שנור פון דער גרינדערין פון די „ליידיעס רעליעף" עני רייך, איז זעהר א גוטע מיטהעלפערין צו די טשערליידי.

# פערשיעדענעס

פאר די יעניגע וואס האבען א גערוואהנהייט צו בייסען זייערע נעגעל איז דער בעסטער מיטעל צוצעטען אין א דראג סטאר אן אונשעדליכע אבער אונאנגענעהמע ספעציעל געמאכטע זאלב פאר די נעגעל. ווען מען בעשמירט זיי דערמיט וועט מען באלד צוכאפען די נעגעל ווי מען וועט זיי נאר צוטראגען צום מויל און אין גאר א קורצער צייט וועט מען אנטוואהנט ווערען.

דזשעקיל איילאנד איז א פלאטץ אין אמעריקא וואס ווערדט בעוואהנט בלויז פון מיליאנערען. דיעזער פלאטץ בעלאנגט צו א קלאב און די מיטגליעדער פון דיעזען קלאב זיינען בלויז די מאגנאטען פון ניו יארק, באסטאן און פילאדעלפיא.

דער גרעסטער „אפאל־שטיין" אין דער וועלט וועגט 17 אונסעס (א פונט מיט אן אונס), איז ווערט 300.000.00 דאלאר און געהערט צום קיסר פון עסטרייך.

---

ווען איהר ווארמט אן אביסעל די ליכטען איידער איהר געהט זיי אויסדריקען, קאנט איהר פון זיי ארויסקריגען באלד צוויי מאל אזוי פיעל זאפט.

---

רייגע מילך וועט זיך אננעהמען אויף א נאדעל ווען איהר טונקט זי איין. וואסערדיגע מילך וועט לאזען די נאדעל ריין.

---

רייז געקאכט אין מילך אנשטאט וואסער גיעט א בעסערען געשמאק. מען דארף עס אבער גוט היטען ביי'ן קאכען, ווייל עס באפט שנעל צו ברענען.



פאר הויזווירטשאפט.

בענוצט ניט פייכטע פרובטען, ווען איהר באקט קייקס, ווייל דאס מאכט שווער די קייק.

נאכדעם ווי איהר וואשט אוים דיא ראזינקעס אדער ווייני־פערלעך, לאזט זיי בעפאר אויסטריקענען איידער איהר טהוט זיי אריין אין די טייג.

---

גיסט ניט ארויס קיין זויערע קרים, איהר קענט עס נוצען אויפ'ן ארט פון פוטער אין באקען.

# פרויען טהעטיגקייט אין פילאַדעלפיע

## הכנסת אורחים ומושב זקנים.

317-315 סאוט 3טע סטריט.

נעגרינדעט דורך די איניציאטיווע און טהעטיגקייט פון מר. סיימאן מוהר ע"ה, אם 16טען נאוועמבער 1890, ווען זיי האבען געעפענט דיא ערשטע האום פאר אימיגראנטען און פרעמדע אין 427 לאמבארד סטריט.

מיט א יאהר שפעטער האבען זיי געקויפט 218 לאמבארד סט., וואו זיי האבען איינגעפיהרט א ריכטיגען „הכנסת אורחים".

דער נאבעלער געפיהל פון וואהלטהאט ביי אונזערע שוועסטער, צו העלפען די ארימע און נויטליידענדע, האט געפיהרט, דאס מען זאל אויך צום הכנסת אורחים גרינדען א „מושב זקנים", און עס האט גענומען א קורצע צייט. אין דזשון 1901, און מען האט אויך אבגעקויפט די נעקסטע בילדינג 220 לאמבארד סט. און עס איז בעשאפען געווארען דער נאבעלסטער אינסטיטושאן אין פילאדעלפיא „הכנסת אורחים ומושב זקנים".

די טהעטיגקייט פון אונזערע פרויען האט זיך ערשט דאן אנגעפאנגען. זיי האבען ניט גערוהט, און געארבייט פיעל, און דורך זייער ענערגיע איז נאכהער געקויפט געווארן די יעצטיגע בילדינג 317-315 סאוטה 3טע סט., וועלכע האט געקאסט $55,000 און האט אלע מאדערנע אימפּרואוועמענטס און בעקוועמליכקייטען.

די האום האלט אויס 65 אלטע לייט, העלפט די אימיגראנטען און דורכפאהרערס, שטיצט טויזענדע ארימע פאמיליען און וואלט נאך פיעל מעהר געקאנט אויפטהאן, ווען זיי וואלטען מעהר פינאנציעלע שטיצע געהאט.

פאלגענדע זיינען די אפיסערס פונ'ם האום:

מרס. וואלף קלעבאנסקי, פרעזידענט; מרס. א. דייטש, 1טע וויים פרעז.; מרס. ד. אסטראוו, 2טע וויים-פרעז.; מרס. א. בליצשטיין, טרעזשורער; מרס. ב. ל. לעווינטהאל, האנ. רעק. סעק.; מרס. דזש. ווייגשטיין, האנ. פינ. סעק.; מרס. דזש. ד. לאוו, טשערליידי פון די הויז קאמיטע; מר. אב. גינזבורג, סעקרעטערי.

באארד אוו דירעקטארס:

מרס. פ. ווערנער, מרס. סלאגימסקי, מרס. פרינץ, מרס. קייזערמאן, מרס. ס. הענדלער, מרס. הערשקאוויטץ, מרס. וו. סראלאוויטץ, מרס. א. מ. עללים, מרס. שטערן, מרס. לעוויטצקי, מרס. ב. פעליקאף, מרס. בארנשטיין, מרס. גרינבערג, מרס. בערעזין, מרס. ליעבערמאן. מרס. סאהאמיק, מרס. דזש. פישער, מרס. ק. עללים, מרס. דזש. ד. לאוו, מרס. בראדע, מרס. ד. מ. עללים, מרס. שענעלערקאף, מרס. סקיווערסקי, מרס. סענאל, מרס. מאטצקין, מרס. מורדעל, מרס. מיראים, מרס. יודיצקי, מרס. שמולעוויטץ, מרס. מינדיל, מרס. בערמאן, מרס. זאקס, מרס. ארמאן, מרס. ה. שטערן און מרס. מאלקין.

אפיסערס פון די אוקזילערי:

מר. מייער סאק, פרעזידענט.

מר. סעמועל באנאוו, וויים פרעז.

מיסס בעססי קראון, פינ. סעקרעטערי.

מיסס דזשעני גינזבורג, טרעזשורער.

## חנוכת הבית פון די „דאון טאון היברו דעי נוירסערי".

זונטאג, דעם 1טען דזשון 1913 איז געפייערט געווארען דער חנוכת הבית פון דער „דאון טאון היברו דעי נוירסערי".

לכבוד דער ערעפנונג פון דער „נוירסערי" ווערט אבגעהאלטען א מאססען פערזאמלונג אין פועל צדק שוהל אין 1011 סויטה 5טע סט.

טשערמאן פון דיעזער פערזאמלונג איז מר. גאלדשטיין. די פערזאמלונג ווערט גערופען צור ארדנונג און די פרעזידענטין פון דער סאסייעטי האלט א זעהר געלונגענע רעדע. נאכהער האבען גערעדט מר. גאלדשטיין, מר. יודעלסאן און רבי ברענער. דער לעצטער צייגט פאקטיש דאס דיא מעהרסטע טהעטיגע פילאדעלפיער סאסייעטיס זיינען געגרינדעט און געפיהרט פון פרויען, ווי צ. ב. ש. „הכנסת אורחים ומושב זקנים", „ליידיעס אימיגריישאן אייד סאסייעטי", „ליידיעס מאטורניטי אייד סאסייעטי", „פילאדעלפיער פרויען אונטערשטיצונגס פעראיין" און פיעלע אנדערע. ער האפט דאס אזוי ווי די אלע אויסגערעכענטע סאסייעטיס, וועט אויך די „דאון טאון היברו דעי נוירסערי", טהוען וויכטיגע ארבייט פאר די אידישע בעפעלקערונג אין פילאדעלפיא.

נאך איהם האלט רעוו. קאפלאן פון ווילמינגטאן א זעהר איינדרוקספאלע רעדע, ער זאגט צווישען אנדערעס דאס מיר מוזען האבען אין פילאדעלפיא אידישע אינסטיטושאנס אין וועלכע די קינדער זאלען קריגען א ריין אידישע ערציהונג, און ער האפט דאס אין דער „נוירסערי" וועלען די קינדער קריגען די נויטיגע ערציהונג. דער רעדנער גיט קרעדיט אלע פרויען, וועלכע ארבייטען געטריי פאר דער סאס. און זאגט דאס פרויען, וועלכע אונטערשטיצען אזא אינסטיטושאן זיינען ווערט זייערע נעמען זאלען ווערען פערשריבען מיט גאלדענע אותיות.

נאכדעם רעדט מר. ב. וולארעק, וועלכער זאגט צווישען אנדערעס דאס ער איז פעראינטערעסירט אין דער סאס. ווייל זי בעשטעהט פון אמת'ע אידישע פרויען, וועלכע זוכען נישט קיין כבוד, נאר זייער גאנצע ארבייט איז, צו טהון גוטעס פאר די קינדער וועמעס מוטערס ווערען געטריבען פון שיקזאל צו געהן ארבייטען

דער טשערמאן מאכט אן אקשען אויף די שליסלען פון די נוירסערי". צווישען די וועלכע האבען געקויפט די שליסלען צו עפענען די „נוירסערי", זיינען:

מרס. גאלדשטיין, מרס. ליעבערמאן, מרס. יעדיצקי, מרס. אייבראמס, מרס. בארנשטיין, מרס. שענקמאן, און נאכדעם ווי פיעלע האבען זיך געהאט פערשריבען מיט דאנייישאנס (די נעמען פון די וואס האבען געגעבען דאנייישאנס וועלען מיר דרוקען אין נעקסטען נומער די „פרויען וועלט"), ווערען די פערזאמעלטע אויסגעשטעלט אין רייהען, און דער מארטש הויבט זיך אן.

די גרויסע צאהל פרויען מארשירען מיט די 5טע סט. ביז דיקינסאן, פון דיקינסאן אין די 4טע סט., מיט די 4טע סט. מארטשען זיי צו זייער היים, וועלכע איז אין 2013 סויטה 4טע סט.

די מארשירענדע שטעלען זיך אב ביי דעם הויז וועלכעס איז אויך זעהר שעהן דעקארידט.

די פריהער דערמאהנטע פרויען, וועלכע האבען געקויפט די שליסלען, עפענען דאס הויז, און אלע מארשירען אריין מיט גרויס בעגייסטערונג אין די היים, וועלכע זיי האבען ענדליך בעקומען, נאך אנדערהאלבען יאהר פון שווערע ארבייט.

די צימערען זיינען שעהן דעקארירט, די טישען זיינען געדעקט, די פערזאמעלטע פיהלען זיך היימיש און פערברענגען דארט ביז שפעט אין דער נאכט.

דער יום טוב וועט אנהאלטען ביז דעם 15טען דזשון, און עס איז צו ערווארטען דאס קיינער וועט נישט דורך לאזען די געלעגענהייט און געהן זעהן וואס אונזערע דאון טאונער אידישע פרויען טהוען אויף.

אין נעקסטען נומער וועלען מיר געבען א בעריכט פון אלע דאנייישאנס, און אנדערע געלדער, וועלכע זיינען אריינגעקומען, אויך וועגען די וויכטיגע טהעטיגקייט פון דעם נאבעלען אנשטאלט.

מיר האבען שוין פריהער וועגען דיעזען אנשטאלט גערעדט (זעה אין 1טען און 2טען נומער „פרויען וועלט") מיר וועלען זיך אויך יעצט בענוצען מיט דיעזער גוטער געלעגענהייט אויפמערקזאם צו מאכען אונזערע פיעלע לעזער אין פילאדעלפיא אויף די הייליגע פליכט וואס ליגט אויף יעדען, דיעזען אנשטאלט צו שטיצען און העלפען מיט אלע מעגליכקייטען.

דאקטאר פאר דער נוירסערי איז דר. לעוויט פון 1224 סויטה 4טע סט.

**דער מאן וואס בענעהט זעלבסטמארד אוים ליעבע, בעלידיגט די פרויען פון דער גאנצער וועלט, אויסער איינע.**

# SUMMER RESORTS

האטעלס און זומער פלעצער.

דאס בעריהמטע טהעאטער־שטיק

# „די בעשעדיגטע"

(דעמעדזשד גודס)

## פון בריעו

וועלכעס בעשעפטיגט זיך אין א העכסט אינטערעסאנטער פארם מיט די פראבלעמען פון סיפלים און וועלכעס ווערט איצט געשפיעלט מיט גרויס ערפאלג אין ענגלישען, — הייבט זיך אן דרוקען אין

# „אונזער געזונד"

„אונזער געזונד" איז א מאנאטליכער אידישער זשורנאל וועגען אויפקלערונג אין געזונדהייטס־פראגען.

„אונזער געזונד" האט אזא גרויסען ערפאלג, ווייל זי לערענט די לעזער ווי אזוי צו לעבען כדי צו פערהיטען קראנקהייטען, ווי אזוי זיך צו בעהאנדלען ווען מען איז קראנק און שפארט זיי איין א סך געלד.

אדרעסע: דר. ב. ליבער, 272 איסט 10־טע סט., ניו יארק

10 סענט א קאפי, — 1 דאלאר א יאהר.

**פראבע־עקזעמפלארען געשיקט אומזאנסט.**

# שוויצען ביי אייך די פיס?

בענוצט זיך מיט דעם איינציגען זיכערען מיטעל

טויזענדע האט עס געהאלפען. קויפט עס און טרייעט עס אויך




זיכערער מיטעל פיר רהומאטיזם.
אויך פיר בעד באגס און קאקרוטשעס. צו קארנס און בארא־דאוועס
פרייז 35 סענט
פאסט פריי.

## -:- פאלאנוס -:-

פרייז בלויז 35 סענט.

**Polonus M'f'g Co.**
**305 NORFOLK ST., NEWARK, N. J.**

בראנטשעס: ניו יארק, ברוקלין, פילאדעלפיע, שיקאגא, קליוולאנד און סט. לואיס.

אגענטס און סטארס פערלאנגט. גוטע קאנדישאנס.

ווענן אינטערעסירט

— נאך מעהר —

אזוי ווי פרויען, — צו האבען

## א שעהנע הויז

און דאס קאנט איהר נור האבען ווען איהר קויפט



# שעהנע פארניטשור

## ביי וו. קאנטאר

121 פרינס סט., נוארק, נ. דזש.

גאראנטירט די בעסטע וואארע צו די ביליגסטע פרייזען. איהר קריגט קופאנס פריי פון יעדען־סייל פון די „אפ טאון ביזנעס מענס אסס'ן"

# קריסטמען פיאנאס



דיא קריסמאן פיאנא דערקענט מען דורך איהר זילבער־רייכען און זיס־הארמאנישען ווידערקלאנג.

## סייפס

אין דיא לעצטע צייטען שפיעלען פייער און וואסער פרוף סייפס דיא וויכטיגסטע ראלען אין א הויז. פאר א קליינע סומע און אויף זעהר לייכטע אבצאהלונג קען יעדער האבען אין הויז א סייף און זיין פערזיכערט פון פייער, וואסער און רויבעריי.

דיא קריסטמאן פיאנאס און די פייער און וואסער פרוף סייפס, קענט איהר בעקומען אויף אבצאהלונגען און אויף די לייכטעסטע בעדינגונגען, בעסטע צופריעדענהייט.

## מ. סאנדלער, 1805 פיטקין עוו.

קאר. קריסטאפער עוו., בראנזוויל.

דערמאהנט די „פרויען וועלט" ביי אונזערע אדווערטייזער.

## פרויען

איז אייער קאמפלעקשאן אדער שעהנעס געזיכט ווערט **50ס.**

בעהאלט נים אייערע פימפעלס אדער בלעק־הערדס אונטער א וועיל נעמט עס ארונטער מיט

קרים־קאזימי און
קאזימי זייף

עס איז קיין פראגע אז איהר ווילט אז אייער געזיכט זאל זיין שעהן די קרים קאזימי טוט די ארבייט און איהר ווערט שנעל פטור.

שרייבט גלייך

**SHULMAN'S DRUG STORE**
**1403 E. Pratt St.,**
**Baltimore, Md.**




איבערצייגט אייך, דאס מיר האבען די מעגליכקייט צו מאכען בעסער, ביליגער און שנעלער פון יעדען אנדערען קלינער

פענסי דרעסעס, סטריקטלי דריי געקלינט — — 1 דאלאר, אפ.
גלאוום — — — — 5 סענ"ט.

אלעס גאראנטירט.

**SHAPIRO COMP.**
**Cleaners and Dyers**

הויפט אפיס און פעקטארי
13 פרינס סט., נוארק, נ. דזש.



Diploma awarded at the Paris Exposition 1898.

## ביכער קופאן (זעהט לעצטען נומער)

| | |
|---|---|
| בייליגענד סומא | ........................ |
| פיר פאלגענדע ביכער | ........................ |
| נאמען | ........................ |
| אדרעסס | ........................ |